צווייטע
# קאנגרעס-נומער.

№ 37. | צווייטער יאהרגאנג

יודישע
# פאלקס-צייטונג

9 September 1903. | פערלאג „פאלקס-בילדונג" װארשא. | י"ז אלול תרס"ג.



„אראגא־גורסקי. װארשא, לעשנא № 4
ראס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (הינער-אויגען) בראדאוקעס און פערהארטעטע הויט צור פרייז 30 קאפ' און 50 קאפ'. פארדערן איבעראל.
(129) 25—24

די אלעמען בעוואוסטע אלער בעסטע:
I מאשינען צום פערפערטיגען אלערליי פרוכטען, יאגדעס, סעלעטרס, סאדע וואסער און אנדערע מינעראל-וואסער, לימאנאד, פערשידענע קוואסען, פראנצויזישע זידענדע געטרענקע און וויין: סידר, שאמפאניער, חערעס, שערי און אנדערע, צוגלייך אויך די בעשרייבונג און כלים דערצו, מיט וועלכע עס צו פערפערטיגען.
II סיפאנען שען און שטארק לויט די פראנצויזישע סיסטעמע.
III דאמפף אפאראטען צום דעסטעלירען און איבערטרייבען.
VI פאלשטענדיגע איינארדענונג צו אנשטאלטען אויף מאכען אלערליי סארטען וואסערן שטעלט צו די פאבריק פון מאשינען און דער פאבריטשנע סקלאד פון קארקעס די בעסטע עסענצען, עפירען און סאקעע א. ד. ג. און אויך אלע אנדערע זאכען, וואס עס געהערן און זענען גייטיג צו אלע פערפערטיגונג פון מינעראל-וואסער און לימאנאד.
244 5—2
ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.

דיא ערשטע און איינציגע
מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שה־ווערק.
А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.
נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטערשיעד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע און די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער נייי, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.
פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי איינגעהן לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט אריינשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.
דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר
А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.
פיליאלען: I פראנציסקאנסקא 35 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.
229 25—11
רעפאראציאן ווערט פערפערטיגט װארטענדיג.

עס דרוקט זיך
דער זאמעל־בוך „הילף"
די גאנצע הכנסה פון זאמעלבוך וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.
פרייז 1 רובל מיט פארטא.
רעדאקציע „יודישע פאלקסצייטונג".

פערלאג „פאלקסבילדונג".
ציוניסטישע ביבליאטהעק.
ג.
דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס
פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.
ציוניסטישע אגודות און מויס בעקומען ראבאט.
Издат. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

# י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטטע־וואארען. (126) 50 33




---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 121 50—10

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать** съ другими **мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. наров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

**אתרוגים** לולבים והדסים ליעפערט גוט אונד בילליג די אין דער גאנצער וועלט בעקאנטע פירמא

**Hermann Rath, Triest**

Oesterreich.

ביטטע אויספיהרליכע פרייזליסטע צו פערלאנגען. (243) 6—3

---

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אויס גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**

Варшава, Слизкая 22.

(105) 25—21

---

# אינטערעסאנט, שען און וויכטיג

איז דער בעריהמטער אדעסער

## יודיש־רוסישער טעגליכער

# אבריים־קאלענדאר

## (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

## אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד־תרס"ה)

(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים-קאלענדאר איז זעהר שען און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שענעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט ווענטל אין זעכס שענע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש־רוסיש־אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, און פוילישע שפראכע).
2) זונן־אויפגאנג־זונן־אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאורצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף־רייד,
8) טיראזשען פון די באנק־בילעטען,
9) פלאטץ אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)

אויף דער צווייטער זייטע קוקט.

10) וואונדער־שענע אנעקדאטען,
11) וויכטיגעס פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תעניתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבעראשט זיין פון דיעזען וואונדער־שענעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים-קאלענדאר.

## פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא־פריי. — ווייניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.**

**Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).**

(248) 15—1

---

# בשורה נעימה!

## צאת לאור ספר תולדות ישראל מציר!

ללמד את ילדי בני ישראל את ההיסטריה הבבלית עם קצור דברי ימי עמנו עד חתימת התלמוד, בשפת עבר על טהרת הקדש עם תרגום רוסי, מאת הבלשן הנודע המדקדק והמבאר הר' יצחק ווארשאווסקי, שרק ההיסטריה העברית הזאת לבדה מאשרת מטעם הממשלה בתור ספר למוד ההיסטריה הבבלית (**УЧЕБНИКЪ по Библейской Исторіи**) יצא לאור בתבנית מפוארת על נייר יפה ודפוס יפה נחמד למראה, עם ציורים רבים מהדרים ועם הוספות ותקונים והערות כרנלניות ובאוריות בשפת רוסיה מאת המחבר, למען אשר ימצאו בו תועלת רבה מבין עם תלמיד. ואף כי ההוצאה הזאת עלתה בדמים מרבים מאד, עפ"ז קצבנו את מחיר הספר רק 60 קאפ', עם פארטא 75 קאפ' וע"י נאכנאהמע 85 קאפ'. לסוחרי ספרים ולבתי ספר רבאט הגון.

אדרעסע: 232 12—10

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

---



# זיכערע הילף!



**מ. פרייליך** אין לעמבערג (גראדעצקא 35) אין גאליציען איזט איין ברוכארצט, ווי עס דערען וועניגע אויף גאטעס ערדבאדען גיבט. ער איזט איין היילער שווערער אונד שווערסטער פאללע, ערשפארט דען ארמען קראנקען בלוטיגע איינגריפע אונד שווערע שמערצהאפטע אפעראציאנען, די ניכט זעלטען דען אונערביטטליכען טאר הערבייפיהרען. די קורען פרייליכ'ס זינד וואהרע וואונדערקורען אינד וועז וויר דאס זאגען, זא וויל דאס פיעל זאגען, דא אונזערע לעזער וויססען, דאסס וויר ערנסטע פארשער זינד אונד דיעזעס ווארט דאהער ניכט מיסברויכען. וויר האבען פאלע געזעהען, די אונז שטוינען מאכטען, פאללע שווירינסטער ארט, די 2 טאגע נאך דער רעפאנירונג דורך איינע געניאלע באנדאזשען-מעטהאדע אין ארדנונג געבראכט וואורדען. אונטער זאלכען אומשטענדען איזט די ערנענונג פרייליכ'ס ניכט בלאס צום עהרען- זאנדערן זאגאר צום קארעספאנדירענדען-מיטגליעדע אונזערעס דייטש-איטאליענישען היגעניע-אינסטיטוטס אונד איסערדעם די פערלייהונג אונזערעס עהרענדיפלאמס פיר וויסענשאפטליכע פערדיענסטע גערעכטפערטיגט. וויר ווערדען פערנער אין דער פראכט-אויסגאבע אונזערעס ווערקעס „הערפארראגענדע ארצטע דער געגענוווארט" איין בעזאנדערעס קאפיטעל איבער דיעזען הערפארראגענדען מאן מיט איללוסטראציאנען אייניגער זיינער בעדייטענדען קורען ברינגען. (מיטטהיילונגען אויס דעם דייטש-איטאליענישען היגעניע אינסטיטוט אקטאבער 1902).

(246) 5—3

# יודישע פאלקס-צייטונג

**א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.**



**אבאנאמענטס-פרייז:**

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

**אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:**

יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

**פרייז פאר מודעות (אנצייגען):**
פאר יעדער קליינע צייל, פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.
מינדליך: נאַיאַליפּקי 7, וואהנונג 9.

9 September 1903. Nr. 37. י"ז אלול תרס"ג.


## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

### דעם נומער 39

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף דריי פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס-פרייז אויף דעם לעצטען פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק אויף ראטען, דארפען איצטער צושיקען

### די לעצטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע „4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק“ 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנעמענטס-פרייז ניט שפעטער פון 1-טען אקטאבער, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

**די אדמיניסטראציע.**

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע“ אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

## אוגאנדא.

דער באזעלער קאנגרעס האט בעשלאסען דורך א גרויסע מעהרהייט פון די דעלעגאטען, צו שיקען א קאמיסיע אויסצופארשען דאס לאנד אוגאנדא אין אפריקא, כדי צו וויסען, אויב עס איז בכלל גוט דארט א יודישע קאלאניזאציע צו גרינדען און אויף וועלכע אופנים. די ענגלישע רעגירונג איז, ווי עס איז שוין לאנג בעקאנט, צו אונזער פאלק זעהר גוט און זי אליין לעגט אונז דאס דאזיגע לאנד פאר דארט א יודישע קאלאניזאציאן צו מאכען מיט איין אייגענע רעגירונג. דעריבער געפינען מיר פאר נייטיג צו בעקענען די לעזער מיט דעם לאנד אוגאנדא. אנב וועלען מיר זיך אביסל בע-קענען מיט די געגענדען אין אפריקא, וועלכע גרענצען זיך מיט'ן אלטען מצרים און אראביע און צוגלייך אויך מיט אונזערע ברידער אין אביסיניע (כוש), וואס מען זאגט, אז זיי שטאמען אב פון די עשרת השבטים.

די צייטונג „דער פריינד“ נומער 177 אין דער ביילאגע ז' 9 שרייבט וועגען די שרעקליכע דזומא-קראנקהייט (פעסט), וועלכע הערשט אין די הייסע זומפיגע געגענדען, און רעכענט אריין אויך די ברעגענדיגע אוגאנדא צווישען יענע שרעקליכע געגענדען. ווען דאס זאל אמת זיין איז דאס שוין גאנץ גענוג יעדען געדאנקען פון א יודישע קאלאניזאציע אין אזא לאנד מיט שווערער אבצושטויסען און דאס וואלט אויך געווען א ריכטיגער בעוויז, וואסערע דם-שונאים מיר

האבען אפילו אין דער רעגירונג פון דעם אײדלען, געבילדעטען ענגלישען פאלק, אז מע וויל אונז נאר פשוט פארטיליגען, מע וויל אונז פארשיקען אין א לאנד, וואס איז אכלת יושביה, וואס די שווארצע פעסט טוידטעט אפט אויס גאנצע מחנות מענשען ווי די פליגען. — צום גליק אבער איז דער שד ניט אזוי שרעקליך ווי מע מאלט איהם אויס און דאס לאנד אוגאנדא, דארט וואו מע רעכענט מאכען א יודישע קאלאניזאציע איז באמת א סך בעסער און געזונטער ווי מע שטעלט זיך פאר לייענענדיג דעם געזאגטען ארטיקעל. יעדענפאלס דארף מען פאר א זאך ניט חאפען אבשרעקען אײדער מע קוקט זי גלייך אין די אויגען אריין.

לאמיר זעהן, וואס איז דאס פאר א לאנד לויט ווי עס ווערד בעשריבען פון פיעל געלעהרנטע.

דאס לאנד אוגאנדא, וועלכעס איז זייט 1891 אונטער די הערשאפט פון ענגלאנד, ליגט סאמע אונטער דעם עקוואטאר (קו המשוה), וואס דארט ברענט אייגענטליך די זון זעהר שטארק, דאס דארף אבער גאר ניט אבשרעקען, ווייל די פיעל וואסערען, וועלכע בעפייכטען דאס לאנד פון אלע זייטען, מאכען דאס קלימא על פי רוב זעהר געמעסיגט און אנגענעהם. פון דרום זייט די גרויסע אזערא אוקערעווא אדער וויקטאריא־ניאנצא און דער טייך דאנא, פון מזרח דער גרויסער טייך וועבי דאאו, פון צפון די אזערא רודאלפא, פון מערב די אזעראס אלבערט ניאנצא און מוטא־נציגע, און נאך פיעל אנדערע אזעראס און טייכען, וועלכע בעוועסערען דאס גאנצע לאנד, מאכען עס זעהר פרוכטבאר, אז מען רופט עס „די רייכע אוגאנדא". איהרע גרענצען זענען: אין צפון־זייט סודאן און אבעסיניע, אין מזרח דאס לאנד סאמאלי און זאנזיבאר, אין דרום דאס דייטשע לאנד אוניאמועזי, אין מערב דאס גרויסע לאנד קאנגא. — דאס גאנצע לאנד פארנעמט 2700 קוואדראטנע מיילען מיט איין ערך פון א מיליאן איינוואהנער. דער טייל, וועלכער ליגט אין מערבית־צפונית פון דער אזערא וויקטאריא, איז איין אונגעזונטע געגענד, זי איז ערטער־ווייז מיט וואלד בעדעקט; אבער די פיעל טאלען צווישען די וועלדער זענען פייכט און זומפיג. דאגעגען אבער די מזרח'דיגע און די צפון'דיגע געגענדען זענען כמעט דורכאויס געבירגיג, טרוקען און געזונט. רייכע וועלדער און סטעפעס זענען דארט, וואו עס געפינען זיך פארשידענע חיות, ווילדע ציעגען, אנטילאפען, עלעפאנטען, אויך לייבען און לעמפערטען, פארשידענע טייערע פייגעל. די דורכשניטליכע טעמפעראטור (ווארעמקייט) איז 21½ גראד (די העכסטע 34', די נידריגסטע 2 גראד). א גרויסער טייל פון די איינוואהנער פון דעם דאזיגען לאנד זענען דורך די פראטעסטאנטישע און קאטוילישע מיסיאנערען פון ענגלאנד און פון פראנקרייך שוין זייט א לאנגע צייט געווארען קריסטען און 20,000 זענען מאחמעדאנער. זיי בעשעפטיגען זיך מיט ערדארבייט. זייערע לאנדעספראדוקטען זענען: באנאנען, קוקורוז, צוקער, קאפע, טאבאק, ריצינעס, דורא און אנדערע פראדוקטען. פון די באנאנען מאכען זיי איין ארט בראנפען (מוענגא). זייערע הויז־בהמות זענען: רינדער, שאף, ציעגען, היהנער, קעץ און הונט. זיי זענען גוטע האלצארבייטער און שמידען, זייערע כלי־זין זענען נאך פארצייטיגע שווערט און פייל און בויגען, אבער מע פיהרט זיי שוין אויך צו ביקסען פון זאנזיבאר. אויף דער אזערא וויקטאריא האבען זיי גאנצע פלאטען פון גרויסע, גוט אויסגעארבעטע לאדקעס. קליידער מאכען זיי פון קארע פון ביימער, פלעכטען אויך קערב און מאכען טעפ, זיי פארשטעהען אויך די לעדער־ארבייט.

די שכנים פון דעם לאנד זענען פון צפון־זייט די אראבישע שבטים פון סודאן, צווישען זיי אויך פיעל יודען. זיי בעטרייבען גרויסען האנדעל מיט מצרים און אראביע, זייט 1890 זענען זיי געקומען אונטער ענגליש־עגיפטישען שוץ. די איינוואהנער פון אבעסיניע זענען אייגענטליך די כושיים. אבער זיי רעכענען זיך פאר אונזערע נאהנטע קרובים און זענען זיך מיט אונז שטארק מיחס, דען

# פעליעטאן.

## אין די ווארמבעדער

(בילדער, טיפען, באגעגענישען, צרות און פארגניגען.)

פון

### שלום־עליכם.

ז.

[צווישען יודען ווערד מען ניט פארפאלען. איין עצה פון א רעסטאראטאר. א קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער אונטערזוכט מיינע דאמען.]

„צווישען יודען, זאגט די וועלט ווערד מען ניט פארפאלען"... זאלט איהר טאקי וויסען, אז ס'איז אמת, וואס וואלטען מיר געטאן למשל, ווען מיר שלאגען זיך ניט צו צו קיין יודישען רעסטאראן, וואו דער רעסטאראטאר אליין איז אזוי פריינדליך און שלאגט זיך אן מיט זיינע עצות צו וואסער דאקטאר מיר זאלען געהן? ווי־דלונ די דייטשען מיט זייער שטומפיגע שווערע שפראך, וואלטען מיר זיך ארומגעדרעהט אין וויען ימים ושנים, וואס געהט דאס אן אשטיינער דעם שווייצאר פונ'ם האטעל, וואס מיר טהוען אין וויען? פון זיינעטוועגען וואלטען מיר געמעגט דארטען האלטען ראש השנה און אפילו די אנדערע טעג סוכות, אבי מיר זאלען שטעהן ביי איהם אין זיין גרויסארטיגען האטעל, טרינקען די שענע טיי, וואס מע דערלאנגט אונז פונ'ם קעסעל און צאהלען איהם פאר איטליכען טרונק וואסער און פאר דער מאשינע, וואס מע הויבט אונז אויף און מע לאזט אונז אראפ 20 מאל א טאג, וואס מיין חיה עטיל איז דערפון ווינציג וואס צופריעדען, זי זאגט, אז עס דרעהט זיך איהר דער קאפ אויף צו חלשען, און די מומע נחמה פון אצעלעס האט דאס ערשטע מאל דערפון אזוי זיך צעשריגען, אז מיר זענען געוועזען שטארקער פון איזען, אז מיר האבען נישט געפלאצט פאר געלעכטער...

נישט אזוי איז אבער צווישען יודען, דער בעל־הבית פון דער יודישער רעסטאראציע האט אונז באלד גענומען אויפ'ן צימבעל: ווער זענען מיר? פון וואנען? וואוהין פאהרען מיר? וואס איז אונזער שלאפקייט? און צו וואסער פראפעסאר דארפען מיר? דערהערט, אז מיר פאהרען אין די ווארמבעדער און אנגעשמעקט, אז ס'איז פארהאן געלד, האט ער אונז אנידערגעלעגט א צעטל, אז מיר מוזען זיך פריהער זעהען מיט'ן פראפעסאר, ווארום מיר קאנען ווערען אומגליקליך טאמער פאהרען מיר אין די ווארמבעדער אהן א פראפעסאר! בלייבט די קשיא: וואסער פראפעסאר? — דאס קאן אונז זאגען נאר דער דאקטאר, און וואסער דאקטאר? — דאס קאן אונז זאגען נאר דער שוואגער זיינער;

פון איין זייט זאגען זיי, אז זייער קעניג איז פון די זרע מלכי בית דוד און פון דער אנדערער זייט האבען זיי אלע אין זיך זעהר פיעל יודיש בלוט: ווען די מלכת שבא איז געוועזען אין ירושלים — אזוי דערציילט מען — זעהן און הערען די חכמה פון שלמה המלך, האט זי דארט מיט איהם אנב חתונה געהאט. פון דער דאזיגער חתונה איז געבוירען געווארען א זוהן, וועלכען זי האט בעשטימט ער זאל זיין איהר טראנספאלגער (נאכפאלגער). אז ער איז אביסל אונטערגעוואקסען האט זי איהם צוגעשיקט צום פאטער אין ירושלים, דארט איז ער זעהר גוט און שען ערצויגען געווארען, האט גוט געלערענט חכמת ישראל און די פיינסטע תכסיסי מלוכה, ביז צו זיין 22־סטען יאהר. ער האט דארט אויך חתונה געהאט מיט א טאכטער פון איינעם פון די סגני כהונה און דערנאך האט איהם זיין מוטער, די מלכת שבא, געשיקט רופען צוריק אין זיין לאנד, כדי איהם איבערצוגעבען די מלוכה נאך פאר איהר לעבען, און שלמה האט מיט איהם מיטגעשיקט יונגע מענשען יונגלעך און מיידלעך פון די מיוחסי ירושלים, אלע פון זיין אלטער, וועלכע האבען זיך טאקי מיט איהם צוזאמען דערצויגען, און די אלע יונגע מענשען זענען טאקי דארט אין אביסיניע פארבליבען, זיי זענען געוועזען די שרי מלוכה און דעם קעניגס יועצים און פקידים און האבען זיך שפעטער פארמישט מיט די איבריגע בעפעלקערונג. דעריבער עקסיסטירט נאך עד היום ביי די אביסיניער פיעל יודישע נעמען, דער קעניג „מענעליק" (פון דעם ווארט מלך) טראגט אויך א קרוין, וועלכע שטאמט נאך פון דעם ערשטען קעניג (מענעליק) שלמה המלך׳ם זוהן. זיין שטוהל איז נאכגעמאכט ריכטיג ווי דער שטוהל פון שלמה המלך, וואס אויף זיין נאמען איז ער זיך מיחס פון דור צו דור. די ארכיטעקטור פון דעם שטוהל איז אין זייערע היסטאריע בעשריבען ריכטיג ווי אין אונזער ספר מלכים, נאר אנשטאט דעם וואס שלמה המלכ׳ס שטוהל איז געוועזען געמאכט פון גאלד, איז דיעזער פון זילבער פארגאלדעט.

די אביסיניער זענען גרויסע קריגסהעלדען. די גאנצע וועלט געדענקט נאך זייערע גרויסע גבורות און צוגלייך אויך זייערע איידעלקייט געגען די איטאליענער פאר 8 יאהרען, ווען די איטאליענער האבען געוואלט זיי צופיעל אין די ביינער אריינקריכען. זייט דאמאלס זענען די אביסיניער געבליבען זעהר געשעצט אין דער וועלט און אלע אייראפייאישע רעגירונגען פארלאנגען זייערע פריינדשאפט. די אבעסיניער האבען אויך א סך יודישע מצות און מנהגים. צווישען זיי וואהנען א פיערטעל מיליאן יודען, וואס פאר עטליכע הונדערט יאהר האבען זיי געהאט דארט א יודישע מלוכה און האבען געהערשט איבער גאנץ אביסיניע.

ווייטער אביסל צו מזרח און מזרחית צפונית ליגט דאס לאנד סאמאלי, א געבירגיג לאנד מיט דער הויפטשטאדט מאקדישו. די איינוואהנער, אראבער און נעגער, זענען א ווילד רויגעריש פאלק. אויך דארט וואהנען צעשפרייט יודען.

אין מזרח ליגט די סולטאנסטווא זאנזיבאר, וועלכע בעשטעהט פון פיעל אינזלען און א שמאלען פאס ערד אויף דעם טייך דאנא און אויפ׳ן מערב׳דיגען ברעג פונ׳ם אינדישען אקעאן, אלע צוזאמען טראגען דעם נאמען זאנזיבאר. די איינוואהנער זענען נעגער, וועלכע האבען פאר דריי הונדערט יאהר גערופען צו זיך אראבישע שייכען (קעניגע), זיי זאלען זיי שיצען פון די פארטוגיזען, וועלכע פלעגען זיי שטענדיג בעפאלען. דאס לאנד פארנעמט איין ערך פון 300 קוואדראטנע מיילען מיט 200 טויזענט איינוואהנער. זייערע הויפטשטעדט זענען מעלאנדא און מאמבאס. זיי מאכען גרויסען האנדעל מיט אייראפא, מיט עלעפאנט־ביין און אנדערע זאכען פון זייערע לאנד־פראדוקטען. דאס איז איין א ביטזאס און פרידליך פאלק.

אין מערב ליגט דאס גרויסע קעניגרייך קאנגא. עס פארנעמט כמעט די גאנצע געגענד וואו עס פליעסט דער טייך קאנגא. פון די אזעראס אוקערעווא און טאנגאניאיקי צו מערב צו ביז עס קומט צו מיט א שמאלען פאס ערד צום אלטלאנטישען אקעאן. עס פארנעמט

---

דער שוואגער זיינער איז אויסגעבונדען מיט אלע דאקטוירים, אויב מיר ווילען, זאלען מיר ווארטען אויף זיין שוואגער.

איז דאך מסתמא מיר די געשיכטע נישט געפעלען.

— אפשר וואלט געווען א סברא — זאג איך — מיר זאלען זיך דורכשלאגען גלייך צום פראפעסאר? מיר זענען חלילה נישט פון די מסובכנ׳ע קראנקע, מיר זענען ברוך השם געזונטע מענשען אייגענטליך, מיר ווילען נאר וויסען אין וואסער באד מיר זאלען פאהרען.

— איהר מיינט א פנים, אז איהר זענט אין רוסלאנד? — מאכט דער רעסטאראטאר. איהר ווילט געהן גלייך צום פראפעסאר? געהט אייך געזונטערהייד, נאר זעהט איהר זאלט קיין חרטה ניט האבען!...

— דארפסט עפים אנארבייטען א חתונה! — מאכט צו מיר שטילערהייד מיין חיה עטיל און די מומע נחמה האלט זי אונטער.

— וואס וועט דיך ארען, אז מיר וועלען פריהער זיין ביים פראפעסאר?

בקצור ס׳איז געבליבען מיר זאלען זיך זעהן פריהער מיט׳ן דאקטאר, דאס הייסט מיר זאלען געהן אהיים און ווארטען ביז עס וועט קומען צו אונז דער שוואגער פונ׳ם רעסטאראטאר; נאכדעם וועט אונז דער שוואגער ברענגען דעם דאקטאר און דער דאקטאר וועט אונז שוין פיהרען צום פראפעסאר.

— געפעלט אייך נאר וויפיל פראטעקציעס מע בעדארף האבען אין וויען ביז מע דערשלאגט זיך צו צו א פראפעסאר!

— א גאנצען טאג זענען מיר אפגעזעסען אין האטעל און געווארט אויפ׳ן רעסטאראטארס שוואגער, די זון האט שוין געהאלטען ביי זעצען זיך און מיר זענען געזעסען אלע דריי ביי איין פענסטער און געקוקט אויף דער טומעלדיגער שטאדט מיט די נארישע דייטשען, וואס דרעהען זיך ארום הין און צוריק אלע אין צילינדערס... פלוצלינג הערען מיר עמיצער קלאפט אין טיר אריין: איינס צוויי דריי — און עס קומט אריין א דייטש מיט א טענדע־ווערענדע, מיט א צילינדער, מיט א גרויסען שטעקען, און מיט הענטשקעלעך, און חאטש ס׳איז שוין געווען שטאק נאכט, מאכט ער צו אונז מיט א נגון.

— גוטען טאאאאאג!

אלע בייזע וויסטע חלומות אויף מיינע שונאים׳ס קעפ, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטאן! — רופט זיך אפ די מומע נחמה און מיר קאנען זיך ניט איינהאלטען און שיסען אויס א געלעכטער.

איז דאס דעם דייטש אפנים שטארק ניט געפעלען, ווארום ער האט זיך שטארק צעבייזערט אויף אונז, וואס מיר לאכען און געקלאפט מיט׳ן שטעקען אין טיש אריין און אלץ געשריגען:

— אונפארשעמט!... רוסישע שווייגען!...

א פנים חזירים הייסט דאס?... ביז איך האב געמוזט אויפשטעהן

פינף און פיערציג טויזענט קוואדראטנע מיילען מיט פינף און דרייסיג מיליאן איינוואהנער. ביי די ברעגען פון דעם טייך קאנגא, וואו ער פאלט אריין אין ים, זענען דא צוויי זעהר שענע האפען (פארטען), וואו שיפען שטעלען זיך צו, באנאנא און באמא. דאס לאנד געהער צום בעלגישען קעניג.

אט אזוי זעהט אויס דאס לאנד אוגאנדא און איינע פון איהרע נאהנטע לענדער און פעלקער. נאר די אויסגעקליבענע קאמיסיע אויף דעם היינטיגען קאנגרעס וועט נאטירליך אויפ׳ן ארט אויספארשען דאס לאנד און וועט אונז בעקענען אויספיהרליכער און ריכטיגער מיט אלעם וואס געהער צום לאנד אוגאנדא.

N.

* * *

אין אנדערע קוועלען געפינען מיר א בעשרייבונג וועגען דעם לאנד:

דאס קלימא איז פייכט אבער פונדעסטוועגען געזונט. צווישען די דארטיגע איינוואהנער, וואס שטאמען פון די ווילדע שבטים באנטו, וואגאנדא און וואהומא, געפינען זיך שוין ביז 100,000 פראטעסטאנטען און 50,000 קאטאליקען. מאחמאדאנער זענען דארטען דא נישט מעהר ווי 20,000. דער האנדעל פון לאנד בעשטעהט אויס עלפענביין, גומי, סמאלע, קאפע און לעדער פון לייבען, לעמפערטען, ציעגעז, אקסען און ווייסע אפען. דאס לאנד ווערד איינגעטיילט אין פינף פראווינצען: בוזירא מיט דער הויפטשטאדט מענגא, טשאגווע, בוטערא, זינגא און בודו. דער פארשטעהער פון דעם לאנד איז איין ענגלישער רעגירונגס־קאמיסאר מיט א תיל פון 1,500 מאן, אונטער איהם רעגירט דער דארטיגער קעניג אדער ווי ער הייסט ביי די איינוואהנער קאבאקא מיט איין ערשטען מיניסטער און מיט א סענאט, וואס געהט איבער בירושה פון איין דור צום אנדערען. די פראווינצען ווערען בעהערשט פון די דארטיגע הויפטלייט און די הערשאפט געהט אויף איבער בירושה. די בעלי בתים פון די ערד זענען די דארטיגע אדעל און די פויערען מוזען זיי טון אלע ארבייט. אין יאהר 1830, בשעת זונא דער צווייטער איז געוועזען קעניג אין אוגאנדא, זענען דארטען אנגעקומען די אראבער און זיך אנגעהויבען דארטען צו בעזעצען. אין יאהר 1860, ווען דער אכזר׳דיגער מטעזא האט רעגירט, האבען די אייראפייער אנגעהויבען צו קומען אהין, און דאס לאנד איז בעזוכט געווארען פון די רייזענדער שפעק, לאנג, סטאנליי, עמין פאשא, ווילסאן און נאך אנדערע. אבער אין יאהר 1879, ווען עס זענען דארטען אנגעקומען פראנצויזישע און ענגלישע מיסיאנערען, האט דער קעניג פארבאטען צו לערנען די קריסטליכע אמונה און אין יאהר 1881 ביז 1883 זיך געפריוט דורך אויסהרג׳נען א גרויסע צאהל קריסטען עס אין גאנצען פון זיין לאנד אויסצוראטען און זיין זוהן נוואנגא האט עס נאך שטרענגער אונטערדריקט און אין יאהר 1885 האט ער געוויקט אויף די אראבער זיי זאלען זיינע אונטערטאנען, וואס האבען אנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, אויס הרג׳נען אין איין אונגעהייער גרויסע צאהל און אויף דעם ענגלישען בישאף האנינגטאן האט ער געלאזט הרג׳ענען. נאר אז זיינע גוואדריע, וועלכע ער האט געוואלט לאזען אויסהרג׳ענען, האבען איהם פון זיין הויפטשטאדט ארויסגעיאגט, איז ער נאך אוקומבי אנטלאפען און דארטען האבען איהם די קאטוילישע מיסיאנערען אויפגענומען און ער האט דארטען אנגענומען דעם קאטאלישען גלויבען. די לייב־גוואדריע האט צוערשט אויסגעקליבען פאר א קעניג מוואנגאס ברודער קיוועווא, די מאחמאדאנער ווידער האבען געמאכט פאר א קעניג זיין צווייטען ברידער קארעמא. ער האט אבער די קריסטען נישט בעסער בעהאנדעלט ווי די פריהערדיגע קעניגע און דעריבער האבען די קריסטען ווידער אין יאהר 1889 מוואנגא צום קעניג גערופען און אין יאהר 1890 האט ער אלע זיינע פיינד ביי רובאגא איינגענומען און אויסגעהרג׳עט. אין יאהר 1890 האט מוואנגא געשלאסען א בונד מיט לוגארד דעם פערטרעטער פון דער ענגלישען מזרח־אפריקאנישען געזעלשאפט. אין יאהר 1892 איז אויס־

---

און צוגעהן צו איהם און געבען איהם צופארשטעהן, אז ניט פון איהם לאכען מיר, נאר פון דער מומע נחמה.

— זי איזט פארריקט? — מאכט ער צו מיר און גיט מיר צו פארשטעהן אויף יודיש, אז דאס הייסט משוגע. פונ׳ם ווארט „משוגע" פארשטעהן מיר, אז ער איז א יוד און איך ווער געוואהר, אז ער איז דעם רעסטאראטארס שוואגער און ס׳איז נאר א סברא, אז ער קאן רעדען אויף אונזער לשון, און עס ווערד אויף אונז אלעמען א שמחה. גיך ווערד בעשאפען טיי (פונ׳ם קעסל געוויינטליך) און מיר טרייטען צו צו אונזער געשעפט.

— אלזא וואס איז זייער שלאפקייט? — צעפרעגט ער זיך ביי אונז.

וואס קאנען מיר איהם זאגען דערויף, אז איינענטליך ווייסען מיר אליין ניט? איך פרוב איהם געפינען א תירוץ, אז איהם קאנען מיר ניט זאגען, מיר קאנען דאס זאגען נאר דעם פראפעסאר אליין; לאזט ער זיך ניט איינרעדען און זאגט, אז פראפעסארען זענען פארהאן אין וויען וויפיעל שטערען איז הימעל (קיין עין הרע ניט!) און אויף איטליכס שלאפקייט איז פארהאן א בעזונדערער פראפעסאר. „וואס טוט מען? — קלער איך מיר — וואס פאר א שלאפקייט זאל איך איהם אויסטראכטען?" ... בין איך מיך מישב און דרעה זיך אוים ווי אויף א טעלער און זאג איהם דעם ריינעם ריכטיגען אמת, אז איך בין געזונט און שטארק אויף אלע איברים, און די שלאפע זענען זיי, איך ווייז איהם אן אויף מיין חיה עטלין מיט דער מומע נחמה און לאז אוים אויף דייטש:

— האבען זיי פארשטאנד"?

— זעהר שען — מאכט ער צו מיר מיט א שטרענגען קוק און רופט זיך אן צו מיינע דאמען — זאגט זשע מיר, איך בעט אייך זעהר, וואס פעהלט אייך איינענטליך?

— אוי, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטאן, לאז ער ארויסגעהן! — מאכט די מומע נחמה צו מיין חיה עטלין און מע משלח׳ט מיך ארוים אין קארידאר ארוים אויף עטליכע מינוט, און אז איך קום אריין, צוריק, ווער איך געוואהרע, אז דער פראפעסאר הייסט רויטנאגעל און דער דאקטאר הייסט זילבערשטערען.

— און וואס זענט איהר? — פרעג איך איהם.

— א קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער און אבאזשורען — מאכט ער גאנץ קאלט־בלוטיג.

— וואס סע האט זיך מיר נעחלומ׳ט יענע נאכט און היינטיגע נאכט און א־ע נעכט פון א גאנץ יאהר, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטאן! — זאגט די מומע נחמה און טוט א פליעסק מיט די הענט, און מיין חיה עטיל ווערד רויט ווי פייער און אויף מיר פאלט אן א פרישער געלעכטער, און בכדי דער קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער און אבאזשורען זאל זיך ניט געפינען באליידינט, נעפין איך א תירוץ

געבראכען אמלחמה צווישען די דארטיגע קאטאליקען אונ פראטעס־טאנטען, לוגארד אבער האט צווישען זיי שלום געמאכט אונ מוואנגא האט אנגענומען דעם פראטעסטאנטישען גלויבען. אין יאהר 1894 אלס די ענגלישע מזרח-אפריקאנישע געזעלשאפט איז געוועזען אין א גרויסע געלד-פערלעגענהייט, האט די ענגלישע רעגירונג איבערגענו־מען די הערשאפט איבער אוגאנדא.

## די רוסישע פרעסע וועגען נייעם לאנד.

דער „נאוואסטי" אין זיין ארטיקעל „יודישע מלוכה" (Nr. 224) בעהאנדעלט דעם פראיעקט פון דער ענגלישער רעגירונג: אוועקצוגעבען יודען אויטאנאמישע רעכטען אין א שטיק לאנד פון מזרח-אפריקא.

צו דעם גרויסמוטיגען פארשלאג האט געבראכט די ענגלישע רעגירונג — זאגט די צייטונג — די גרויסע איינוואנדערונג פון יודען אין לאנדאן, וועלכע וועט זיך געוויס פארגרעסערען נאך דעם קישי־נובער פאגראם.

מען מוז מודה זיין, אז ענגלאנד, די זעלבע ענגלאנד, וועלכע מען ווארפט אויף מיט איהרע „אכזריות", „פאלשקייט", א. ד. ג. — בע־ווייזט זיך שטענדיג אין גרויסע היסטארישע מאמענטען, וואס פאדערן בעפרייאונג — ווי א גרויסע געבילדעטע אונ מענשענפריינדליכע מלוכה.

אנערקענענדיג, אז מען קאן דאך אייביג ניט נאר שפיעלען זיך מיט ווערטער וועגען די אומזיסטיגע רדיפות פון דעם יודישען פאלק, אז מיט בעגרענצען זייערע רעכטען קאן מען קיין נוצען נישט ברענגען די קריסטליכע מלוכות, אונ מען בעשאפט נאר דורך דעם א מורא'דיג גרויסען יודישען פראלעטאריאט — שניידט ענגלאנד פארנאנדער דעם קניפעל אונ זאגט: „לאזט נאר איינארדענען די אומגליקליכע מענשען, וואס הענגען אין די לופטען צווישען הימעל אונ ערד אונ מוזען זיצען ביי אונז אויפ'ן האלז, אלע פעלקער האבען א באדען אונ־טער די פיס — פאר וואס זאלען עס יודען אויך ניט האבען? א טייל מלוכות האבען דאך א צוגעקומענע אדער איין איבעריגע שטיקל לאנד — לאמיר זיי אבגעבען דעם וואס מיר דארפען נישט, אונ דאס וועט זיין א טובה אי פאר זיי, אי פאר אונז". „איך ענגלאנד, די ערשטע טו עס. איך געב זיי אב א טייל פון מיינע ערד אין אפריקא. זאלען אויך אנדערע עס נאכטון".

דער „נאוואסטי" דערמאנט, אז ער האט שוין לאנג אנגעוויזען אויף „אפריקא", ווי אויף איין ארט, וואו יודען וואלטען זיך קאנען בע־זעצען. ער דערמאנט ווייטער:

„מיר האבען אויך פארגעלעגט א זאך, וואס וואלט לוינען פאר אונזער מדינה: מען זאל בעזעצען יודען אין מאנדזשוריע אויף אויטאנאמישע רעכטען. מאנדזשוריע איז ניט אונזער טעריטאריום אונ מיט די חינעזער אין דעם הינזיכט קאן מען זיך בעסער צופרידען ווי מיט די טערקיי אונ פאר א בעוואוסטע בעלוינונג וואלטען זיי אב־געגעבען א טייל פון זייערע ערד.

„צו האבען דערביי געבען אונז א קולטורעלע יודישע בעפעל־קערונג איז פיעל גלייכער פאר רוסלאנד ווי צו האבען פאר שכנים די ווילדע אונ די הונגעריגע חינעזער. מיר האבען אויך פארגעלעגט צו דעם צוועק די מיטעל־אזיע, וואס גיט נאך קיין סימן פון לעבען, פון פראגרעס. נאר ביי אונז האלט מען זיך ביי א פארקעהרטע פאליטיק: מען היט די גרויסע וויסטעניש פון סיביר, מיטעל־אזיע אונ מאנדזשו־ריע פון די לעבעדיגע סוחר'ישע מענשען".

די רוסישע ציוניסטען אבער האבען פראטעסטירט געגען דעם ענגלישען פראיעקט. אונ מיר מוזען מודה זיין, אז עס איז אונז ניט פארשטענדליך.

גאנץ גוט, די ציוניסטען טראכטען טאקי מכח פאלעסטינא — דאס איז גאנץ שען. נאר דער סולטאן וויל דאך פארלייפיג נישט, אונ מיר צווייפלען אויב ער וועט אזוי גיך מסכים זיין. וואס ארט עס די זעלבע ציוניסטען, ווען עס וועט זיך גרינדען א יודישע מדינה אין

---

אונ זאג, אז איך האב מיך דערמאנט א מעשה, וואס האט זיך גע־טראפען ביי אונז אין יעהופעץ נאך פאר א יאהרען אונ איך לאז אויס ווידער אויף דייטש:

— האבען זיי „פארשטאנד"?

— צי איך האב פארשטאנד צי ניין דאס איז קיין ספק ניט, נאר צי איהר האט פארשטאנד — „דאס איז איינע פראגע"! — מאכט ער צו מיר אויך אויף דייטש, נעמט די טענדע־ווערענדע מיט'ן שטעקען מיט'ן צילינדער אונ געהט אוועק שטארק אנגעברוג'זט, אונ צווישען אונז פיהל איך ווערד א שנא. שנאת מות!

---

ח.

ודער פראפעסאר רויטנאגעל וויל אונז צעשיידען. מיר צעקריעגען זיך מיט וויען, די מומע נחמה ווייזט זיך ארויס ווער זי איז.

גרינגער איז ביי אונז איינגעבען א קינד אין נימנאזיע אדער ארויס־נעמען פונ'ם פריזיז, ווי איידער זעהן זיך אין וויען מיט'ן פראפע־סאר רויטנאגעל. פריהער האט אונז דער דאקטאר זילבערשטערען גע־טאן טובות, געגעבען עצות, געשריבען רעצעפטען, אי דאס צוליב דעם קאמיסיאנער פון די לאמפענגלעזער אונ אבאזשורען, וואס האט אונז געטאן צוליב זיין שוואגער דעם רעסטאראטאר, אונ ערשט אויפ'ן דריטען טאג האבען מיר זיך דערשלאגען צום פראפעסאר רויטנאגעל, וואס איז געוועזען אזוי פריינדליך אונ האט אונז צוגענומען איטליכען בעזונ־דער אונ האט אונז פארשריבען איטליכען איין אנדער באד. מיין חיה עטלין האט ער אפגעשיקט קיין פראנצענסבאר, די מומע נחמה קיין מאריענבאד אונ מיך קיין קארלסבאד!

ארויס פונ'ם פראפעסאר רויטנאגעל זענען מיר געבליבען שטעהן אלע דריי, געקוקט איינס אויף דאס אנדערע אהן ווערטער, ווי איינער רעדט: „וואס טוט מען איצטער?" אונ ס'איז געבליבען מיר זאלען זיך איין עצה האלטען מיט'ן דאקטאר זילבערשטערען אונ אזוי ווי דער דאקטאר זילבערשטערען נעמט איצטער נישט צו, בעדארף מען אנ־קומען צום קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער אונ אבאזשורען, נאר אזוי ווי מיר ווייסען ניט וואו ער זיצט, איז געבליבען מיר זאלען זיך דורכגעהן צום רעסטאראטאר.

— נו, וואס הערט זיך? — מאכט ער צו אונז.

— וואס זאל זיך הערען? — זאגען מיר. — אי־ער שוואגער האט אונז געקוילעט, אלע דריי געקוילעט!

אונ מיר האבען דערציילט, אז דער פראפעסאר האט אונז געשיקט איטליכען בעזונדער אין איין אנדער באד.

— דאס איז נאר? נו, וואס ושע איז? — זאגט זיך דער רעסטא־ראטאר גאנץ קאלט־בלוטיג.

— א חכם איהר זייט — מאכט צו איהם חיה עטיל — דערויף בין

אפריקא? יודען דארפען פריהער פאר אלץ האבען איין ארט, וואו עס זאלען זיך קאנען פריי בעזעצען די טיילען פון יודישען פאלק, וואס מוזען פון נויט עמיגרירען פון פארשידענע לענדער — און די אויטאנאמישע אפריקאנישע קאלאניע איז אזא ארט פאר זיי. ווענען ציון — וועט מען דאך קאנען אויך שפעטער טון.

דער „פעטערסבורגסקי־וועדאמאסטי" איז זעהר צופרידען פון דער ידיעה, אז די רוסישע רעגירונג האט צוגעזאגט ד"ר הערצלען ניט נאר ניט צושטערען די שטרעבונג צו גרינדען אין פלשתינא א יודישע מלוכה, נאר אויך זאגאר מיטצוהעלפען דורך א דיפלאמאטישע ווירקונג אויף טערקיי און מיט געלד פאר די עמיגראנטען. די צייטונג זעהט אין דעם א צייכען, אז די רעגירונג וויל איצטער אננעמען איין אנדער פאליטיק. א פאליטיק פון שלום און פרידען פון ביידע צדדים. און אויפהערען די סיסטעמע פון בעגרענצען די רעכטען, פון וועלכע עס קומט ארויס גאנץ ווענינ נוצען פאר דער רעגירונג, ווייל דאס רופט ארויס אונצופרידענהייט פון דעם גרויסען טייל יודישע בעפעלקערונג.

— אזוי ווי די לאגע פון א פרעמדען אין א פאמיליע, זאגט די צייטונג, קאן פארבעסערט ווערען נאר דורך א גוטע בעהאנדלונג, וועלכע בינדט איהם פעסטער אן אן די פאמיליע ביז ער ווערד כמעט ווי איין איינגענער — אזוי דארף זיך נוהג זיין א מלוכה אויך צו איהרע שטיף־קינדער.

דער „פעטערסבורגסקי־וועדאמאסטי" האלט זיך שוין ביין געזעגענען מיט אונז און דרוקט אויס זיין האפנונג, אז האבענדיג אונזער איינגענע מלוכה און פאטערלאנד וועלען די רוסישע יודען נאך לאנג געדענקען מיט דאנקבארקייט דאס לאנד, וואס האט זיי אויסגעהאלטען א גרויסע צייט, און צוזאמען מיט דעם פארגעסען די בעליידיגונגען פון ביידע צדדים, וועלען די רוסען קאנען פארבינדען ברידערשאפט מיט דעם פאלק, וואס זיינע פארשטעהער ווערען פון אונז אנגענומען פאר גוטע געסט, אבער ניט ווי שטענדיגע איינוואהנער.

---

# דער זעקסטער קאנגרעס.

פון אונזערען שפעציאל־קארעספאנדענט.

---

## די פיערטע זיצונג.

מאנטאג דריי א זייגער נאכמיטאג.

פרעזידענט ד"ר גארדוי מעלדעט איינינע ידיעות.

ד"ר יאקאבזאהן פארלאנגט מען זאל ראזענבוימען, ד"ר קלעע און ד"ר סירקין לאזען זייערע רעדעס אין גאנצען ענדיגען. עס ווערד אנגענומען.

ה' פינעלעס פון גאלאץ (רומעניע) מעלדעט, אז דער ציוניזם אין רומעניע ווערד פארגרעסערט, די צאהל פון די שקלים־צאהלער אליץ מעהר און אויך ווערד דארטען פארקויפט אקציעס פון קאלאניאל־באנק און מארקעס פון נאציאנאל־פאנד אין א היבשען צאהל.

ד"ר פאסמאניק בעשולדיגט טריטש'ען מיט נאסיג פאר זייער שטרענגע קריטיק. ער זאגט, אז מענשען, וואס זענען נאר צוליב דעם ציוניזם געקומען צו א נאמען, קענען נישט זאגען די אנפיהרער טויגען נישט, לאזט אונז וועלען מיר בעסער פיהרען. וואו זענען זיי געוועזען פאר דעם, איידער הערצל איז געקומען און האט זיך אונטערגענומען אזא שווערע ארבייט. אמת קריטיק איז זעהר נייטיג אבער נישט אזוינע ווי נאסיג און טריטש'עס, ווייל זייער צוועק איז צו שטערען די אחדות, וואס הערשט ביי אונז.

דער רעדנער לעגט פאר בנוגע צו דער פראגע אין מזרח-אפריקא, מען זאל אויסקלויבען א גרויסע קאמיסיע. וועלכע זאל די פראגע בעהאנדלען. ער ווארפט פאר דעם קליינעם אקציאנס-קאמיטעט, פאר וואס ער האט גאר גישט אנגעפרעגט דעם גרויסען אקציאנס-קאמיטע און נישט מודיע געוועזען וועגען מזרח-אפריקא.

ד"ר שלאפאשניקאוו פרעגט, פאר וואס האט דער אקציאנס קאמיטע אוועקגעלאזט ועד על אריש און אנגענומען מזרח-אפריקא.

---

איך געקומען אהער מיט מיין מאן מע זאל אונז צעשיידען, מיך קיין ליסי, איהם קיין סטריסי!

— בערוהיגען זיי זיך, מאדאם — מאכט ער צו איהר — פון פראנצענסבאד קיין קארלסבאד איז גאר ניט אזא ווייטע שטרעקע; צוויי דריי שטונדען רייזע, נישט מעהר. ווילט איהר פאהרט איהר זיך דורך צו אייער מאן; ווילט איהר פאהרט זיך דורך אייער מאן צו אייך.

— א דאנק אייך פאר דער עצה; — זאגט צו איהם חיה עטיל שוין מיט כעס — איהר זאלט דערלעבען אנזאגען בעסערע בשורות און געבען קלוגערע עצות.

— דארט אין קעך ביי די לאקשען! — לעגט צו א קנייטעל די מומע נחמה און דער רעסטאראטאר איז זי רעכט מכבד און זאגט צו איהר, אז „מיט מארקווייבער איז ער קיין מחותן נישט"... פארדריסט דאס מיין חיה עטלין, און זי זאגט צו איהם, אז „די דאזיגע מארקווייבער איז איהרע איין איינגענע מומע און קומט ארויס פון אסך א שענערען יחוס ווי ער מיט זיין רעסטאראן און אפילו מיט דעם שענעם שוואגער זיינעם, וואס טראגט ארום לאמפענגלעזלעך איבער די הייזער מיט אבאזשורען אויף צו פארקויפען"...

— קום! — זאגט זי צו מיר — לאמיר בעסער עסען לייזע אייער, איידער זיך באגעגענען מיט אזעלכע גראבע לייט, וואס רעדען כלומר'שט אויף דייטש און נארען אויס אונזערע רוסישע קערבלעך.

די גאנצע צייט וואס מיין חיה עטיל האט איהם גערעדעלט האט איהם נישט געארט; נאר די לעצטע ווערטער „רוסישע קערבלעך" האבען איהם אזוי צעקאכט, אז ער האט זיך אנגעצינדען מיט א העליש פייער, אנגעפאלען אויף אונז ווי א ווילדע חיה, געוועזען גרייט אונז דורם זיין — וואס טויג אייך, מיר זענען פונ'ם רעסטאראן קוים ארויס מיט'ן לעבען און מע האט אונז ארויסגעפאגלייטשען, מיט כבוד, נאכגעשריגען אויף דער גאס און געמאכט מיט קולאקעס: — רוסישע שווייגען! רוסישע שווייגען!

נאר דאס בעסטע האבען מיר געהאט דערנאך, שפעטער, אינ'ם האטעל. דארט האבען מיר געהאט א פארבייסונג פונ'ם שוואגער זיינעם. דער קאמיסיאנער פון לאמפענגלעזער און אבאזשורען האט אנגעקלאפט צו אונז אין דער טיר אריין, אריינגעקומען מיט נאך איינעם א דייטש, אויך מיט א צילינדער, נאר אהן א טענדע־ווערענדע און האט אינז געפרעגט „אויף וואס פאר איין אופן האבען מיר זיך ערלויבט איהם צו בעליידיגען אונטער די אויגען?"... בשעת מעשה האט ער געקלאפט מיט'ן שטעקען און טיש אריין און איז געווען אזוי רויט, אז איך האב מיך דערשראקען, אנגעהויבען מורא האבען פאר קלעפ, א קשיא אויף א מעשה, וואס א דייטש קאן ביי זיך אין וויען?

נישט אזוי האט אבער באקלערט די זאך די מומע נחמה פון אצעלעס. זי האט זיך אפנים ווינציג וואס איבער געשראקען פאר'ן

ליליען איז אויך נישט צופריעדען מיט דעם אקציאנס-קאמיטע, ער זאגט, אז ער האלט זיך נישט אן דעם באזעלער פראגראם. אין דעם לעצטען נומער „וועלט" פעהלט די ווערטער: „אין פאלעסטינא" וועלכע געהער צום באזעלער פראגראם און איצט האט מען עס ארויסגעווארפען. ד"ר נארדוי ערלויבט די אונגארישע יודען צו ווערען ציוניסטען נישט לויט דעם באזעלער פראגראם נאך, אין פראגראם שטעהט פאלעסטינא און די נאהנטע לענדער און איצט רעדט מען גאר פון מזרח־אפריקא. צולעצט בשעת ליליען זאגט, אז ווען ד"ר הערצל זאל זיך אפזאגען פון צו זיין פרעזידענט פון אקציאנס-קאמיטע ווייסט ער נישט ווער עס קאן די שטעלע איבערנעמען, ווערד א געלעכטער און מען לאזט איהם מעהר נישט רעדען.

ה' שפ"ר זאגט אויך, אז כאטש ער אכטעט זעהר די חברים פון דעם אקציאנס-קאמיטע פונדעסטוועגען מעג מען זיי קריטיקירען. וועגען ועד על אריש געפינט ער, אז די עקספעדיציע האט גאר קיין נייעס נישט אויפגעטאן, ווייל דאס אייגענע געפינט מען אין יעדען לעקסיקאן און עס איז אין גאנצען איבריג געוועזען צו שיקען איין עקספעדיציע וועגען דעם. וועגען מזרח־אפריקא זאגט ער, האבען מיר קיין רעכט נישט דא צו פארהאנדלען, ווייל די וואס האבען אונז אויסגעקליבען פאר דעלעגירטע האבען אונז געשיקט צו פארהאנדלען גאר וועגען ציון.

ה' חזן קריטיקירט די אנפיהרער וועגען עפּיס אנדערש, ער איז נישט צופריעדען, וואס מען נעמט צו פאר דעלעגאטען אזוינע מענשען, וואס האלטען זיך נישט אן דער באזעלער פראגראמע, ווי ה' טריטש און זיינע חברים.

ד"ר גאבעל, א דייטשער רב, געהער צו דער פארטיי מזרחי מיט א יארמאלקע אויפ'ן קאפ. מאכט אויפמערקזאם דערויף, וואס מען מאכט דעם קאנגרעס פאר איין ארט זיך צו רעכענען פריוואט־חשבונות, ער זאגט, אז אויב עס וועט מקוים ווערען ליליען'ס ווערטער, אז דער אקציאנס-קאמיטע וועט פארהאנדלען וועגען קולטורע וועט עס אודאי זיין נאך דעם יודישען גייסט.

ד"ר ווייצמאן פרעגט אויב דער אקציאנס-קאמיטע האט זיך באמת שוין אין גאנצען אבגעזאגט פון ועד על אריש אדער מען האט עס גאר אויף דערוייל אבגעלעגט. ער וואונדערט זיך ווי האט מען דאס אזא וויכטיגע פראגע אזוי לייכט אפגעפטר'ט. ווייטער ווארפט דער רעדנער פאר דעם ד"ר הערצל, אז ער איז נישט גענוג פארזיכטיג אין זיינע מיינונגען וועגען די היינטיגע ציוניסטישע ארבייט, וואס ער האט ארויסגעזאגט אין א געוויסען ארט.

ד"ר אוויגאוויצקי שטעלט זיך רעדען, דער עולם בעגעגענט איהם מיט א גרויסען אפלאדיסמענט. ער זאגט, אז נישט דעם ד"ר הערצל מיט די חברים פון אקציאנס־קאמיטע דארף מען קריטיקירען, נאר די רוסישע מורשים, וועלכע האבען מיט זייערע מעלדונגען צום צענטראלנעם קאמיטע געבראכט גרויס שאדען, פאר וואס זיי האבען נישט מודיע געוועזען וועגען די נייע פארטייען, וואס זענען היינטיגעם יאהר געווארען, ווי למשל די פארטיי „מזרחי", וואס האט זעהר פיעל געארבעט היינטיגעם יאהר. אויך פראטעסטירט דער רעדנער געגען די וואס קומען אין קאנגרעס זיך אויסרעכענען זייערע פריוואט־חשבונות ווי טריטש און זאגט, אז טריטש וועט בלייבען בעוואוסט אין אונזער געשיכטע גאר צוליב דעם, וואס האט דעם גבור פון פאלק געבראכט איינינגע שעות צער און אויפרעגונג! (א שטארקער אפלאדיסמענט).

פריילין ראבינאוויטש רעדט זעהר אויפגערעגט און פראטעסטירט זעהר געגען זעצען א קאמיסיע צו פארהאנדלען די פראגע וועגען מזרח-אפריקא.

ד"ר מענטשעל הויבט אויף אן רעדען וועגען דעם, אבער די פארשטעהער לאזען איהם נישט ענדיגען.

ה' שיינקין הויבט אן רעדען וועגען עפּיס אנדערש און

ראזינען דייטש, האט זי זיך אויפגעכאפט פונ'ם ארט און איז צוגעשפרונגען צו איהם גלייך אין פנים אריין, זיך גענומען מיט ביידע הענט ביי די זייטען און האט איהם אויסגעלומר'ט א צעטל און דווקא אויף פראסט יודיש:

— הער נאר אויס, דו קירע דייטש, דו שוטה בן פיקהאלץ, דו לאמפעננלאז, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטאן! דו מיינסט דאך אודאי, אז מע האט זיך דערשראקען פאר דיין טענדע־ווערענדע מיט'ן שווארצען קוימען, וואס דו טראגסט אויפ'ן קאפ? סך הכל האסט דו דאך ביי אונז אויסגענארט די עטליכע גולדען אומזיסט און אומגישט ווי א פראסטער מאשעניק! דו מיינסט מע ווייסט ניט ווער דו ביזט, דו אפגעריסענער הלפון, דו נאקעמער כתריליק? געהסט ניט אוועק, אט פאהר איך אריין צו דיר אין פנים אריין און פליק דיר אויס דאס בערדל ער פרוטה אחת, פארשטעהסט דו מיך, ווארום איך האב שוין אויף מיין לעבען געפאטשט אזעלכע לייט, הערסט דו, וואס דו ווערסט זיך ביי זיי בעהאלטען אין קעשעני! וואס זאגט איהר איך בעט אייך אויף דעם משוגע'נעם דייטש מיט דעם לאקשענטאפ, איך וועל מיר נאר א מעשה אנטאן!... פאלג מיך נעם דעם וועג ווערסט דו בעסער מאכען!. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איך וויים ניט, צי ער האט זיך טאקי איבערגעשראקען פאר דער מומע נחמה, וואס האט אויסגעזעהען אין דער מינוט ווי א צערייצטע ספאלאשעטע הוהן, וואס איז גרייט אויסגראבלען אייך די אויגען, צי ער האט גלאט נישט געוואלט האבען צו טאן אין וויען מיט א יודינע פון אצעלעם—מיין דייטש מיט דער טענדע־ווערענדע האט גענומען דעם צילינדער אין די הענט און די פיס אויפ'ן די פלייצעס און האט געמאכט פליטה גאר אויף איין אנדער אופן, א שטארקען קלאפ געטאן מיט דער טיר און אויף יענער זייט שוועל געבענשט אונז מיט'ן געוויסען נאמען: „רוסישע שווייגען", וואס מיר זענען צו דעם שוין אזוי געוואהנט געווארען, אשטיינער ווי מיר זענען געוואהנט צו א „גוט מארגען, גוט יאהר".

פון דעמאלט אן האב איך אנגעהויבען פאר דער מומע נחמהן פון אצעלעם האבען דרך ארץ, זי איז ביי אונז ביידען געווארען איז די אויגען העכער מיט ניין און ניינציג פראצענט און ס'איז ביי אונז געבליבען, מיר זאלען זיך מיט איהר אינטערוועגנס שוין טאקי מעהר ניט צעשיידען.



קומט ארויף אויף דער מזרח־אפריקאנישע פראגע. ער זאגט, אז פון ד"ר הערצל'ס רעדע ווייזט איהם אויס, אז מיר האלטען זיך בייים אומקעהרען צו חבת ציון אין דער אלטער פארם, דאס הייסט מיר וועלען ציון נאר האלטען אין זינען, דערמאנען איהר אין אונזערע תפלות, אבער די יודישע מדינה וועלען מיר מאכען אין אפריקא. איך האב מורא, זאגט דער רעדנער ווייטער, אז אין גיכען וועלען מיר זיך נישט מעהר צעטיילען אין פראקציעס, נאר אין ציוניסטען און בעלי־מדינה. איך פרעג דעם אקציאנס־קאמיטע, פאר וואס האט מען גאר נישט דערמאנט וועגען די ארבייט אין ארץ ישראל, וואו די קאלאניסטען האבען דעם ד"ר הערצל אויסגעקליבען אלס דעלעגאט צום היינטיגען קאנגרעס.

ווייטער לעגט דער רעדנער פאר, מען זאל פארלייענען די טעלעגראמע, וואס איז אנגעקומען פון אוסישקין, וועלכער האט אין דעם אייגענעם טאג, ווען דער קאנגרעס האט זיך געעפענט, אין פאלעסטינא געעפענט דעם ארץ ישראל־קאנגרעס און אז דער באזעלער קאנגרעס זאל דארטען ווידער שיקען א טעלעגראמע.

אויך מאכט ער אויפמערקזאם, פאר וואס עס פעהלט אין דעם נומער „וועלט“, וואס איז ארויס אין באזעל, די ווערטער „אין פאלעסטינא“, זאל דאס נאר זיין א צופאל?

ד"ר רייך, דער באזעלער רב אין א יארמאלקע, האלט א לאנגע רעדע, אין וועלכע ער איז מודיע, אז ער זארגט פאר די נשמות פון יודישען פאלק.

ד"ר הערצל שטעלט זיך אויף דער בימה ענטפערן, דער גאנצער עולם הייבט זיך אויף און אפלאדירט א לאנגע צייט.

וועגען די פראקציעס פערענטפערט ער זיך, אז ער איז נישט שולדיג, ווייל מען האט איהם וועגען דעם נישט צו וויסען געגעבען.

וועגען די באנק־קאמיסיאן, וועגען וועלכע ה' ראזענבוים האט געפרעגט, זאגט ד"ר הערצל, אז זייט דריי יאהר האט מען פון איהר גאר נישט געהערט, און אין די לעצטע קאנגרעסען האט מען זיי נישט אויסגעקליבען פון דאס ניי, טא ווער איז דאס מחויב צו געדענקען.

וועגען די אויסגעקליבענע קאמיסיעס, קאן איך נאר זאגען: אז איך האב זיי וויפיעל מאל דערמאנט, וואס זיי האבען צו טון, זיי האבען זיך אבער פון דעם נישט וויסענדיג געמאכט — מען קאן זיי דאך נישט נייטען זיי זאלען ארבייטען, איך קאן נאר בעטען, אז ווייטער זאל מען נישט אויסקלויבען אזוינע קאמיסיעס, וואס מעהר ווי דעם נאמען האבען זיי נישט.

בנוגע וואס מען ווארפט מיר פאר, אז איך מאך איבער די פראגראמע פון באזעלער פראגראם, איז עס נישט ריכטיג. איך מאך גאר נישט אנדערש, איך ברענג נאר פאר א פראיעקט פאר דעם קאנגרעס און ווי דער קאנגרעס וועט בעשליסען אזוי וועט זיין.

דאס וואס עס פעהלט די מאטא פון באזעלער פראגראם, איז עס נאר ווייל מען האט נישט געבראכט די „קליישע“ פון וויען, נאר הער שיינקין קאן זיכער זיין, אז מארגען וועט עס ווידער זיין.

וועגען ועד על אריש האלט ער, אז מען קאן שוין וועגען דעם מעהר נישט פארהאנדלען, ווייל דארטען פעהלט וואסער און די רעגירונג האט בשום אופן נישט געוואלט מסכים זיין מען זאל צוציעהען וואסער פון נילוס. מאכען א קליינע קאלאניזאציע ראט אונז נישט די דארטיגע רעגירונג און איך בין אויך דערצו מסכים.

דערנאך קומט דער רעדנער צו נאסיג'ס טענות. ער זאגט, אז נאסיג אורטיילט לויט אויבערפלעכליכע ידיעות, בשעת מיר האבען די מיינונגען פון די גרעסטע ספעציאליסטען אין דער וועלט וועגען דעם ענין. דאס ווידער וואס נאסיג ווארפט מיר פאר, אז איך האב אין דעם וכוח מיט טריטש פארגעשטעלט א מין קאמעדיע אויף דעם קאנגרעס, ווייס איך נישט ווער פון אונז ביידען האט זיך מעהר בעטראגען ווי אויף א קאמעדיע, צי איך, וואס על כל פנים בין איך גיט דאס ערשטע מאל אויפ'ן קאנגרעס, און מען ווייסט מיין ארבייט, אדער ה' נאסיג, וואס קומט דא דאס ערשטע מאל מיט א כיון צו שאדען דעם קאנגרעס. ווען איך וואלט געוואוסט, זאגט דער רעדנער ווייטער, אייער כונה מיט אייער קומען אהער, אז איהר ווילט נאר געגען מיר אייער קריטיק געברויכען, וואלט איך אייך (ער ווענדט זיך צו נאסיג, טריטש און זיינע חברים) נישט געלאזען בעלעסטיגען די דריטע זיצונג, אבער איך האב געמוזט ברענגען דעם דאזיגען קרבן, כדי מען זאל נישט זאגען אויף מיר, אז איך וויל נישט הערען קיין קריטיק אויף זיך, נון האט איהר גערעדט און מיר אלע האבען אייך אויסגעהערט!

אין זאל הערשט א גרויס לארם, דאס רוב דעלעגירטע זענען שטארק אומצופרידען מיט ד"ר הערצל'ס געגנער, עס געפינט זיך אבער א קליינע צאהל דעלעגירטע, וועלכע האלט מיט זיי.

ד"ר הערצל רעדט ווייטער אויפגערעגט: ה' טריטש זאגט, אז איך האב געזוכט זיין בעקאנטשאפט, ווייל איך האב געמיינט, אז ער איז נאהענט צו יק"א. איהר זייט אייך טועה ה' טריטש. איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז איהר האט נישט קיין געלד. איך האב אייך בעגעגענט ביי מיר אין הויז און האב מיט אייך פריינדליך גערעדט, ווי איך בין געוואהנט צו רעדען מיט יעדען מענשען. איך האלט דעם ה' טריטש פאר איין ערענטליכען מאן אבער ער ווייסט נישט דאס אחריות, וואס ער נעמט אויף זיך מיט זיינע האנדלונגען.

וועגען ה' נאסיג'ס בעמערקונג, זאגט ד"ר הערצל, אז ער האט טאקי אונטערהאנדעלט מיט יק"א וועגען ועד על אריש. די פארשטעהער פון יק"א וועלען געוויס געהן מיט אונז און נישט געגען אונז, אז עס וועט האלטען ביי א וויכטיגען ענין.

צום סוף לויבט ד"ר הערצל דעם ד"ר סירקין אלס ערענטליכער געגנער.

פראפעסאר גאטטייל פרעגט: אויב די רעגירונג, וואס האט צוגעזאגט צו שטיצען דעם ציוניזם, האט עס נאר מיט ווערטער צוגעזאגט אדער אויף איין אנדער אופן.

ד"ר הערצל ענטפערט, אז ער האט דערויף דאקומענטען (א פריידען־לארם).

דער קאנגרעס דריקט אוים צוטרויען צום אנפיהרער און דעם אקציאנס־קאמיטעט מיט א שטארקען רוב דעות (דריי זענען נאר ענטגעגען) און די זיצונג ווערד געשלאסען.

### די פינפטע זיצונג.

דיענסטאג אין דער פריה.

די קאמיסיע צו אונטערזוכען די מאנדאטען לעגט פאר דעם קאנגרעס צו בעשטעטיגען די וואהלען.

ד"ר װארטסמאן פראטעסטירט געגען דעם, װייל װי ער האט זיך דערוואוסט האט מען אין איינינע ערטער אין רוסלאנד געשיקט פון אקציאנס־קאמיטעט טעלעגראמעס אויסצוקלויבען געוויסע מענשען.

דער קאנגרעס בעשטעטיגט די אונטערזוכונגס־קאמיסיע.

ד"ר באדענהיימער לייענט פאר די טעלעגראמעס, וואס ווינשען גליק דעם קאנגרעס, ביי איינינע טעלעגראמעס אפלאדירט מען.

זאנגוויל שטעלט זיך רעדען.

## זאנגוױלס רעדע.

### דער ציוניזם און די צדקה-חברות.

איך וויל רעדען וועגען ציוניזם און די צדקה חברות.

וואס דער ציוניזם איז ווייסען מיר, אבער צי ווייסען מיר אויך וואס צדקה איז? צדקה־חברות בעווייזען, אז דער געזעלשאפטליכער ארגאניזם איז קראנק. די היינטיגע געלערנטע ווילען נישט נאר מבטל זיין די צדקות, נאר זיי ווילען איינארדענען די געזעלשאפט אויף אזא אופן, עס זאל גאר נישט זיין קיין ארט פאר צדקות. און מיר יודען, וואס אונזער געזעלשאפטליכעס לעבען איז מעהר קראנק ווי אלע אנדערע, ווילען אין דעם נישט מודה זיין, און מיר שטרייטען געגען די צדקה־אבשאפונג.

אט האבען מיר געהאט די בערלינער אספה. דא האבען מיר געזעהן, אז די חברות, וואס זענען געגרינדעט געווארען נאר צוליב עמיגראציע, זענען געגען דער עמיגראציע. די גאנצע עמיגראציע וואס זיי ווילען יא, איז נאר מען זאל אויסוואנדערען פון פאלעסטינא.

אבער מיר גלויבען פארקעהרט, אז נאר די יודישע מדינה וועט אונז אין גאנצען אויסהיילען און מיר וועלען קיין צדקה מעהר נישט ברויכען.

בארא[ן] הירש האט געזאגט, אז זיין פאנד (יק"א) וועט זיין גאר אין גאנצען אנדערש פון אלע צדקה־אנשטאלטען, אבער מיט וואס איז ער אנדערש? סיידען דערמיט וואס ער אונטערשטיצט איינינע אדוואקאטען.

דער רעדנער געהט איבער צו דער יודישער לאגע, אנשטאט איין שקל, זאגט ער, צאהלען מיר דרייסיג שקלים. מיט דעם געלד וואלט מען געקאנט אבקויפען גאנץ ארץ ישראל. מיר מוזען האלטען שבת צוויי טעג אין וואך, מיר מוזען פאר אונז בויען עקסטרע שולען צום לערנען, בשעת אין די אלגעמיינע שולען צאהלען מיר אויך.

בארא[ן] הירש איז געווען דער ערשטער, וואס האט זיך גענומען צו א גרויסע קאלאניזאציאן, זיינע שטעלפארטרעטער אבער טוען איהם נישט נאך. אין ניכען וועט ווערען דרייציגהן יאהר זייט יק"א איז געגרינדעט. איך לעג זיי פאר, אז זיי זאלען עס אין אונזערע הענט איבערגעבען, זיי קאנען שוין פייערען דעם „בר מצוה“ פון זייער ישטיפטונג און מאכען די ברכה „ברוך שפטרני מעונשו של זה“. (עס ווערד א געלעכטער).

דער רעדנער ווענדט זיך צו די [ק]ולטוריסטען. ער זאגט, אז מיר פארבייטען על פי טעות די אגריקולטור (די קולטור פון ערד־ארבייט) אויף קולטור. אין דער אמת'ן קאן איין יאהר פון אגריקולטור אויף אונז בעסער ווירקען ווי צעהן יאהר קולטור־ארבייט.

רעדענדיג פון דער קולטור קומט ער ארויף אויף רבן יוחנן בן זכאי, פון וועלכען ער האט שוין גערעדט ביים פינפטען קאנגרעס.

— אמת זאגט דער רעדנער, בן זכאי האט טאקי מציל געווען דאס יודענטום פון אונטערגאנג, אבער ווען ער וואלט געוואוסט די שרעקליכע טראגעדיע פון אונזער גלות־לעבען, ווען ער וואלט פאראויס געזעהן די אלע מורא'דיגע רדיפות און עינויים, וואס מיר וועלען האבען צו ליידען — וואלט ער ליבערסט געוואלט פאלען אין דער מלחמה, איידער זיך פארשטעלען פאר א מת און זיך ארייננגנב'ענען צו די רומאים אין לאגער! דער ארון מיט דאס שטיק פארשטונקענע פלייש, וואס בן זכאי האט זיך געלאזט לעגען ביי דער זייט, דאס איז דער סימבאל פון אונזער גלות לעבען, דאס איז דאס היינטיגע טויטע פארשטונקענע לעבען.

מיר דארפען זיך צוריקקערען צו דער אגריקולטור, צו דער לאנד־ארבייט. אויך די העברייאישע שפראך, וואס זי איז דער יסוד פון אונזער איצטיגער קולטור, וועט נאר דענסטמאל קאנען ווערען איין אמת נאטירליכע שפראך, אז מיר וועלען זיין אין אונזער לאנד, אז זי וועט נישט בעשטעהן פון די געקינסטעלטע איינענע געמאכטע ווערטער, וואס אונזערע שריפטשטעלער ברענגען אין איהר אריין, נאר פון די נאטירליכע ווערטער, וואס דאס לעבען וועט אין איהר אריינברענגען.

דער רעדנער זאגט ווייטער, אז די מלחמה פאר און געגען קולטור שאדט דעם פאלק. אפילו די חסיד'ישע קולטור, וואס איז די קולטור פון די ארטאדאקסען, קאן זיך ענטוויקלען נאר בשעת מיר וועלען זיין אין אונזער אייגען לאנד.

און פאר וואס דארפען מיר אזוינע פשוט'ע ווערטער, וואס יעדער בר דעת ווייסט דאס, זאגען אונזער פאלק? ווייל אונזער מח איז נישט מעהר מסוגל צו טראכטען גלייך, נאר מיט פלפולים און פארדרייהענישען.

איך געדענק וואס די לעגענדע דערציילט וועגען ר' יצחק נפחא, וואס זיינע עלטערן זענען איהם געשטארבען, ווען ער איז נאך א קליין קינד געוועזען. אנשטאט צו האבען דערפון צער האט ער זיך גאר געפרייט, וואס איז, ער ווערד נישט נכשל אין דער עבירה פון נישט האלטען בכבוד די עלטערן.

איך וויל אייך נאך דערמאנען א קליינע סצענע פון מיינס איין ערצעהלונג. איהר געדענקט דאך גאך א וודאי דעם מלך הקבצנים. ער האט זיין טאכטער נישט געוואלט חתונה מאכען מיט יענקעלע דעם שנארער, ווייל ער האט זיך דערוואוסט, אז טייל מאל פארדיענט ער געלד דורך ארבייטען אויך. די לאגיק פון מלך הקבצנים קומט אויס, אז ארבייט איז נישט קיין זיכערע פרנסה, ווייל דאס יזשירות איז אויך נישט קיין אייביגע זאך, וויפיעל גבירים האבען מיר געזעהן, וואס האבען זייער גאנץ עשירות אנגעווארען, א קבצן אבער האט נישט

וואס מורא צו האבען, זיין פרנסה איז א זיכערע, קבצנות וועט קיינמאל נישט אויפהערען!

אט אזוי, קענטיג, מיינען א סך פון אונזער פאלק, מיר זענען אזוי צוגעוואהנט צו שנארעריי, אז מיר מיינען אז אנדערש קאן עס גאר נישט זיין.

און מיינט איהר, אז מיר זענען נישט די איינענע בעלי־הוצאות ווי א גרויסע מדינה? איהר האט א טעות אויב איהר מיינט אזוי. מיר קאנען אויסהאלטען א גאנצע פלאט מיט דעם געלד וואס מיר געבען אויס אויף וואנדערען און עס ברענגט אונז נישט קיין נוצען. מיר האלטען מלחמה צווישען אלע פעלקער און א חוץ דעם נאך מיט די שלעכטקייט פון די פעלקער, און נאך גרעסער איז אונזער א־מגליק, וואס מיר ווייסען פאראויס, אז מיר וועלען אין אונזער מלחמה נישט מנצח זיין, אז די מלחמה וועט נאך אונטערברענגען דאס יודענטום...

דער רעדנער גענט שפעטער איבער וועגען די פראגע פון מזרח־אפריקא. ער זאגט עס נישט ארויס בפירוש, אבער מען פארשטעהט, אז ער מיינט דאס. ער זאגט, אז אונז איז נישט דער עיקר דווקא די און די לאנד, מיר קאנען זיך שאפען א גייסטליכע פאלעסטינא ערגעץ אנדערש; פאליטישע מענשען קאנען זיך נישט איינשליסען אין איין ענגען קרייז, זיי מוזען אורטיילען וועגען דאס גאנצע. נאר אזא פאליטיק קאן ברענגען א רעזולטאט צו א פאליטישע פראגע.

מיר זענען דא נישט צוזאמענגעקומען בלויס זיך דאס הארץ אויסצורעדען, נאר צו היילען אונזער קראנק, צעבראכען פאלק.

---

אין נאמען פון די ענגלישע ציוניסטען לעגט מען פאר מען זאל אויסקלויבען א קאמיסיע וועגען דער מזרח־אפריקאנישע פראגע.

ד"ר גאבעל אלס מזרחי פראטעסטירט געגען זאנגווילס רעדע, און בפרט געגען דעם, וואס ער האט גערעדט וועגען ר' יוחנן בן זכאי. דערויף ענטפערט ה זאנגוויל, אז ער האט נישט געמיינט דערמיט צו בעליידיגען די געפיהלע פון די ארטאדאקסישע ציוניסטען, ער האט נאר געמיינט צו בעריהרען די פאליטיק פון בן זכאי. אוודאי זענען מיר בן זכאי דאנקבאר דערפאר, וואס ער האט מציל געווען דאס יודענטום, דעם תנא בן זכאי אכטען מיר זעהר, אבער בן זכאי דער פאליטיקער געפעלט אונז נישט.

ד"ר גאבעל איז נאך דערמיט נישט צופרידען, נאר ווייל עס איז שוין מיטאג צייט רעדט ער דערוועגען נישט מעהר. דער קאנגרעס ווערד געשלאסען ביז פיער דעם זייגער.

## די אספה פון די רוסישע דעלעגירטע וועגען מזרח אפריקא.

### די ערשטע אספה.

די נייעס וועגען דאס נייע לאנד אין מזרח־אפריקא, וועלכע ד"ר הערצל האט דעם קאנגרעס פארגעלעגט, האט געמאכט א גוואלדיגען רושם. די רוסישע דעלעגירטע קומען זיך צוזאמען און מאכען וועגען דעם עקסטרע אספות. די ערשטע אספה וועגען דעם איז געוועזען באלד זונטאג. די סצענע איז געוועזען זעהר א טרויעריגע. אלע פיהלען זיך שווער, עפיס ווי א שווארצער שלייער איז אויף אלעמענס געזיכטער אריבער געצויגען, יעדער פיהלט, אז ער האט דא צו בעהאנדלען א שווערע פראגע, וואס איין גאט אין הימעל קאן עס בעשיידען. מען קלויבט אויס הויפט־רעדנער.

דער סאפאצקינער רב ראבינאוויטש איז בכלל געגען דעם ישוב אין אפריקא. אויף יעדען אופן, לעגט ער פאר, זאל דער קאנגרעס די דאזיגע פראגע נישט בעהאנדלען אלס ציוניסטישער קאנגרעס נאר אלס פריוואט־קאנגרעס.

ד"ר ווייצמאן לעגט פאר, מען זאל וועגען דעם אונטערהאנדלען מיט די גרויסע קאלאניזאציאנס געזעלשאפטען.

איין אנדערער זאגט מען זאל דעם פראיעקט יא אננעמען, כדי יענע זאלען נישט קומען אנדערע נישט ציוניסטען און דאס צונעמען און בעהאנדלען נאך זייער ווילען. ער זאגט, אז מיר דארפען נישט מורא האבען פאר אונזערע ציוניסטישע שטרעבונגען, נישט נאר אלס געיאגטע קנעכט קענען מיר טראגען די ציוניסטישע פאהן, נאר אויך אלס פרייע מענשען, וואס לעבען א פאליטיש לעבען. איך מיין פארקעהרט, אז אזיכער ווינקעל וועט נישט נאר גיט שאדען, נאר אדרבא ער וועט נאך ברענגען נוצען.

די אנדערע דריי רעדנער: ד"ר ש. לעווין, אדוואקאט גיסען און ד"ר יאקאבזאהן מיינען אנדערש. קלערער פאר אלעמען האט זיין מיינונג אויסגעשפראכען דער ד"ר יאקאבזאהן.

-- דער ציוניזם — זאגט דער רעדנער איז נישט נאר א גאולה, נאר אויך א תחיה, נישט נאר איין אויסלייזונג, נאר א ווידער אויפלעבונג, די איינציגע קראפט, וואס וועקט אויף אונזערע ברידער אין גלות, איז נאר דאס צוריקקעהרען אין אונזער לאנד און קוים לאזען מיר די דאזיגע שטרעבונג אב איז אלע אונזערע ארבייט בחנם. מען זאגט אונז, אז דער הויפטצוועק איז פאלעסטינא און אויף דאס לאנד אין אפריקא וועלען מיר קוקען ווי אויף איין ארט אויף איבערצונעכטיגען. מיר שטרעבען, אז די רעגירונגען זאלען אונז העלפען בעקומען ארץ ישראל, אז מיר וועלען אבער האבען א זיכערן ארט אין אפריקא וועט אונז קיינער נית העלפען צו בעקומען פאלעסטינא, מען וועט אונז זאגען וואס פעהלט אייך, איהר האט דאך איין אייגען לאנד.

ד"ר ש. לעווען לעגט פאר, מען זאל אין גאנצען נישט פארהאנדלען וועגען מזרח־אפריקא. קוים קלויבט מען אויס וועגען דער פראגע א קאמיסיע הייסט דאס דער ערשטער שריט צו אפריקא און די ציוניסטישע בעוועגונג וועט אלץ ווערען שוואכער. אמת מיר שטרעבען נאך א זיכערע היים, אבער נישט אויף דערווייל, אויף איבערצונעכטיגען, נאר אויף אלע מאל אויף אלע טעג, אויף אלע יאהרען און נישט אויף ביי דער נאכט, איין אייביגע נאכט אן א טאג.

די אספה געדויערט ביז איינס דעם זייגער ביי נאכט. אלע דעלעגירטע זענען שרעקליך מיד פון אויפרעגונג און עגמת נפש. איין דעלעגירטער, אבראמסאן, פאלט אין חלשות.

### די צווייטע אספה.

מאנטאג 9 דעם זייגער.

ד"ר טשלענאוו. מיר האבען איצט צו באשטעהען א שווערען נסיון. מיר דארפען בעהאנדלען איין ערנסטע פראגע, ערנסט איז די פראגע

דֶערִיבֶּער, וַוייל אִין אִיהר לִיגְט אַ וִויכְטִיגֶער טַייל פוּן דֶער בֶּעשַׁיידוּנְג, דֶען זִי וִויל אוּנְז גֶעבֶּען אַ זִיכֶערֶע הַיים. אוּנ דֶערִיבֶּער וֶועלֶען מִיר אָן צִיוֹן אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען. אִיךְ בִּין גֶעגֶען דֶעם פְּרָאיֶעקְט, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען בִּין אִיךְ מַסְכִּים, מֶען זָאל אוֹיסְקְלוֹיבֶּען אַ קָאמִיסִיֶע, וַוייל דִי פְרַאגֶע, וָואס ד"ר הֶערְצְל הָאט אוּנְז פָארְגֶעלֶעגְט אִין דֶעם נָאמֶען פוּן דֶער עֶנְגְלִישֶׁער רֶעגִירוּנְג דַארְף חָאטְשׁ קוּמֶען צוּ קְבוּרָה בְּדֶרֶךְ כָּבוֹד.

נָאךְ ד"ר טְשְׁלֶענָאוו הָאט גֶערֶעדְט דֶער רָב רַאבֶּענָאוִויטְשׁ אוּנ עֶר הָאט אוֹיךְ מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען צוּ זֶעצֶען אַ קָאמִיסִיֶע. דֶערְנָאךְ שְׁטֶעלְט מֶען דִי פְרַאגֶע אוֹיבּ מֶען זָאל אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי דָאזִיגֶע פְרַאגֶע צִי נִישְׁט. 135 הָאבֶּען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי הֶענְט גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע אוּנ 78 פַאר דֶער קָאמִיסִיֶע.

צְוֵויי דְרִיטֶעל פוּן דִי רוּסִישֶׁע דֶעלֶעגִירְטֶע זֶענֶען אַלְזָא גֶעוֶועזֶען גֶעגֶען זֶעצֶען אַ קָאמִיסִיֶע.

---

מָאנְטָאג 4 דֶעם זַייגֶער נָאכְמִיטָאג.

מֶען בֶּעשְׁפְּרֶעכְט זַאנְגְוִוילְס רֶעדֶע, מֶען גֶעפִינְט, אַז דִי וַויצֶען זֶענֶען נִישְׁט גֶעוֶועזֶען נַייטִיג, בַּיי אַזַא עֶרֶענְסְטֶען קָאנְגְרֶעס דַארְף מֶען רֶעדֶען עֶרְנְסְטֶער.

דִי קוּלְטוּרִיסְטֶען פְּרִיוֶוען זִיךְ צוּנוֹיפְצוּקוּמֶען אוּנ צוּ פְּרָאטֶעסְטִירֶען, פַאר וָואס מֶען רֶעדְט גָאר נִישְׁט וֶועגֶען דִי קוּלְטוּר, עֶס גֶערָאט זֵיי אָבֶּער נִישְׁט.

## דִי זֶעקְסְטֶע זִיצוּנְג.

5 דֶעם זַייגֶער עֶפֶענְט זִיךְ דִי זִיצוּנְג. הֶער ד"ר בָּאדֶענְהַיימֶער אִיז דֶער פְּרֶעזִידֶענְט פוּן דֶער זִיצוּנְג.

ד"ר נָאבֶּעל דֶער מִזְרָחִי פְּרָאטֶעסְטִירְט וִוידֶער גֶעגֶען זַאנְגְוִוילֶען וֶועגֶען זַיינֶע וֶוערְטֶער אוֹיף ר' יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי, זַאנְגְוִויל פַארְעֶנְטְפֶערְט זִיךְ אוּנ עֶס וֶוערְד שָׁלוֹם. מֶען מֶעלְדְט אַז אֵיינִיגֶע צִיוֹנִיסְטִישֶׁע אֲגוּדוֹת אִין רוּסְלַאנְד הָאבֶּען מְנַדֵּב גֶעוֶועזֶען צוּ 100 רוּבֶּל פַאר'ן נַאצִיאָנַאל-פָאנְד זִיךְ אַיינְצוּשְׁרַייבֶּען אִין גָאלְדֶענֶעם בּוּךְ.

ד"ר הֶערְצְל נֶעמְט אִיבֶּער דָאס פְּרֶעזִידֶענְטְשַׁאפְט.

עֶס הוֹיבְּט זִיךְ וִוידֶער אָן וִכּוּחִים וֶועגֶען דֶער מִזְרַח אַפְרִיקַאנִישֶׁע פְרַאגֶע.

ה' רָאזֶענְבּוֹים אִיז גֶעגֶען זֶעצֶען אַ קָאמִיסִיֶע, עֶר זָאגְט, אַז מֶען דַארְף נָאר שַׁאפֶען אִין פָאלְק דֶעם רָצוֹן צוּ פַארְלַאנְגֶען פָּאלֶעסְטִינַא וֶועט מֶען עֶס שׁוֹין בֶּעקוּמֶען, אוֹיבּ מִיר וֶועלֶען הָאבֶּען אִין מִזְרַח אַפְרִיקָא, זָאגְט דֶער רֶעדְנֶער וַוייטֶער, 5 מִילְיָאן יוּדֶען וֶועלֶען מִיר אָן פָּאלֶעסְטִינָא אִין גַאנְצֶען פַארְגֶעסֶען.

דֶער פָארְזִיצֶענְדֶער בֶּעט דֶעם רֶעדְנֶער, עֶר זָאל אַבִּיסֶל מְקַצֵּר זַיין. דֶער רֶעדְנֶער זָאגְט, אַז עֶר עֶנְדִיגְט שׁוֹין. נֶעכְטֶען, זָאגְט דֶער רֶעדְנֶער, הָאט מֶען דָא גֶערֶעדְט פוּן אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פְרוֹי אִין צִיפֶּערְן, אִיךְ מַאךְ דֶעם פָארְזִיצֶענְדֶען אוֹיפְמֶערְקְזַאם, אַז אִין צְוֵויי יָאהר שְׁפֶּעטֶער וֶועלֶען דָא זַיין אַזוֹיגֶע הוּנְדֶערְטֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶע פוּן אַפְרִיקָא. (מֶען אַפְּלָאדִירְט אַ לַארְם, טַייל פְּרָאטֶעסְטִירֶען).

זוּלְצְבֶּערְגֶער, אַיין אַמֶערִיקַאנֶער, אִיז פַאר דִי קָאמִיסִיֶע, עֶר וַוייזְט אוֹיף, אַז דִי עֶמִיגְרַאצִיֶע אִין אַמֶערִיקָא וֶועט מֶען אַ וַדַּאי קוּרְצְלִיךְ פַארְבִּיטֶען, מֶען מוּז גֶעפִינֶען אַ זִיכֶערֶע הַיים פַאר יוּדֶען, אוּנ אַז מֶען וִויל אוּנְז אַזַא הֶיים גֶעבֶּען, טָארֶען מִיר דָאס נִישְׁט אַוֶועקְלָאזֶען.

ד"ר פַּאסְמֶענִיק טְרָאגְט פָאר, אַז מֶען זָאל אוֹיסְקְלוֹיבֶּען 10 הוֹיפְּט-רֶעדְנֶער 5 פַאר אוּנ 5 גֶעגֶען אַפְרִיקָא. עֶס וֶוערְד אָנְגֶענוּמֶען.

ד"ר וַוארְטְסְמַאן רֶעדְט גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע, עֶר בֶּעצִיעהט זִיךְ אוֹיף נָארְדוֹיס וֶוערְטֶער, אַז אַפְרִיקָא וֶועט זַיין פַאר אוּנְז אַיין אָרְט אוֹיף אִיבֶּערְצוּנֶעכְטִיגֶען, דֶער הוֹיפְּט-צִיעל אִיז אָבֶּער פָאלֶעסְטִינָא אוּנְזֶערֶע אַרְבַּייט וֶועט הַיינְט אַיינְגֶעטְהֵיילְט וֶוערֶען אוֹיף פָארְמִיטָאג אוּנ נָאכְמִיטָאג: פַארְמִיטָאג וֶועלֶען מִיר פַארְקוֹיפֶען אַקְצִיֶעס פוּן יוּדִישֶׁען קָאלָאנִיַאל-בַּאנְק אוּנ נָאכְמִיטָאג אַקְצִיֶעס פוּן אַפְרִיקָא. פָארְמִיטָאג וֶועלֶען מִיר זַיין צִיוֹנִיסְטֶען נָאכְמִיטָאג אַפְרִיקַאנִיסְטֶען.

ד"ר שׁ. לֶעווִין רֶעדְט מִיט הִתְלַהֲבוּת גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע, עֶר זָאגְט, אַז דָאס הַייסְט גֶעפַּאטְשְׁט דֶעם צִיוֹנִיזְם. מִיר פַארְטְרוֹיֶען זִיךְ אוֹיף אוּנְזֶערֶע אַנְפִיהרֶער כָּל זְמַן זֵיי זֶענֶען אִי, דֶעם צִיוֹנִיזְם, מִיר הָאבֶּען דֶעם ד"ר הֶערְצְל פַאר צִיוֹן, אָבֶּער נִישְׁט פַאר אַפְרִיקָא.

ד"ר פְּרִידְמַאן רֶעדְט פַאר דֶער קָאמִיסִיֶע, מֶען פַארְלַאנְגְט דָאךְ גָאר פוּן אוּנְז מִיר זָאלֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען אַ קָאמִיסִיֶע נִישְׁט מֶעהר.

פְּרָאפֶעסָאר בֶּילְקָאוְוסְקִי רֶעדְט גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע עֶר זָאגְט, אַז מֶען דַארְף דִי הָאפְנוּנְג אוֹיף פָּאלֶעסְטִינָא נִישְׁט פַארְלִירֶען. מִיר דַארְפֶען נִישְׁט אָבְּטְרֶעטֶען פוּן דֶעם בַּאזֶעלֶער פְּרָאגְרַאם.

ד"ר קַאצֶענֶעלְסָאן רֶעדְט פַאר דֶער קָאמִיסִיֶע. דוּרְךְ לִיבוֹי וואו אִיךְ וואהן, זָאגְט עֶר, פָאהרֶען דוּרְךְ עֶמִיגְרַאנְטֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ דִי גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּ זֶעהן דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, מִיר טָארֶען זֵיי נִישְׁט לָאזֶע וַוייטֶער לַיידֶען, מִיר מוּזֶען פַאר זֵיי גֶעפִינֶען אַ זִיכֶערֶע הַיים.

ד"ר טְשְׁלֶענָאוו הַאלְט זִיךְ ווִי פְרִיהֶער בַּיי דָאס זַיינִיגֶע, אַז נָאר פָּאלֶעסְטִינָא דַארְף זַיין אוּנְזֶער הַיים, אוּנ אוֹיבּ מִיר קָאנֶען אִיהר נִישְׁט בֶּעקוּמֶען הַיינְט וֶועלֶען מִיר אִיהר בֶּעקוּמֶען שְׁפֶּעטֶער. מִיר מוּזֶען וַוארְטֶען.

ד"ר פוּנְק (אַ מִזְרָחִי). מֶענְשֶׁען גֶעהֶען פַאר אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען אוֹיס פוּן הוּנְגֶער אוּנ אִיהר רֶעדְט נָאר וֶועגֶן אִידֶעאַלֶען, אֱמֶת צִיוֹן אִיז אוּנְזֶער הוֹיפְּט-צְוֶועק, מֶען דַארְף אָבֶּער אוּנְזֶערֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער אוֹיךְ אִין זִינֶען הָאבֶּען.

ד"ר כֹּהֵן בֶּערְנְשְׁטַיין גִיט אַיין עֵצָה, מֶען זָאל פְרֶעגֶען דָאס פָאלְק, אָבֶּער דָאס פָאלְק, זָאגְט עֶר, אִיז קְרַאנְק, מֶען קָאן זִיךְ אוֹיף דֶעם קְרַאנְקֶען נִישְׁט פֶערְלָאזֶען נָאר אוֹיף דֶעם דָאקְטָאר. אִיךְ מַיין אַז מֶען זָאל פָאלְגֶען דִי רוּסִישֶׁע דֶעלֶעגִירְטֶע, וָואס הָאבֶּען דֶעם פָארְשְׁלַאג פוּן עֶנְגְלַאנְד אָבְּגֶעשְׁטוּיסֶען מִיט רוֹב דֵעוֹת אוּנ דַאנְקֶען עֶנְגְלַאנְד פַאר אִיהר גוּטְהֶערְצִיגְקַייט.

ד"ר גְרָאנֶעמַאן זָאגְט, אַז מֶען דַארְף יָא זֶעצֶען אַ קָאמִיסִיֶע דֶער פַּחַד, אַז מֶען וֶועט פַארְגֶעסֶען אָן צִיוֹן, אִיז אַיין אוּמְזִיסְטִיגֶער.

ד"ר יַאקָאבְּסָאן מֵיינְט, אַז עֶס וֶועט נָאךְ לַאנְג דוֹיעֶרֶען בִּיז מֶען וֶועט עֶפִּיס קָאנֶען טוּן וֶועגֶען אַפְרִיקָא, דִי עֶמִיגְרַאצִיֶע קָאן סַאי וְסַאי נִישְׁט וַוארְטֶען, זִי וֶועט זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְזוּכֶען אִיהר וֶועג. אִיךְ בִּין גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע. אוּנְזֶער צְוֶועק אִיז צִיוֹן.

פִּינֶס זָאגְט, אַז גֶעגֶען דֶער קָאמִיסִיֶע קָאנֶען זַיין דִי וָואס הָאבֶּען גוּטֶע שְׁטֶעלֶעס אָדֶער אַנְדֶערֶע גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אָבֶּער פְרֶעגְט אַקָארְשְׁט דִי וָואס הָאבֶּען גָאר נִישְׁט, וָואס וֶועלֶען זֵיי אַייךְ עֶנְטְפֶערְן.

ד"ר מַארְמָארֶעק: אִיךְ בִּין גֶעגֶען אַפְרִיקָא, וַוייל זִי אִיז גֶעגֶען

ציון. אבער א קאמיסיע זעצען קאן מען דאך; זיי וועלען דאך קיין זאך נישט בעשליסען איידער זיי וועלען אונז פרעגען.

גראנוואסקי: חאטש מיר זענען אויך געגען אפריקא, ווייס איך פונדעסטוועגען נישט צי זאל איך זיין פאר אדער געגען.

ד"ר פונק זאגט: הונדערטער יאהרען ליידען מיר פאר אונזערע אידעאלען, מיר ווילען ווייטער ליידען און טריי בלייבען אונזערע אידעאלען. מעג אפריקא זיין איין ארץ זבת חלב ודבש און ארץ־ישראל א ווילדע סטעפ וויל איך בעסער ארץ־ישראל, ווייל דאס איז אונזער לאנד. קאלאניזאציע קאן מען דאך היינט אויך מאכען אין פאלעסטינא, וואס ווילען מיר מעהר? פאליטישע רעכטען? ניין רבותי! דאס קויפט מען נישט, דאס נעמט מען זיך אליין.

ד"ר הערצל פראטעסטירט געגען אזוינע רעד וואס פאסט נישט פאר דעם קאנגרעס.

שפעטער רעדען א טייל פאר דער קאמיסיע און א טייל געגען חזן, און ד"ר מאזעס פאר דער קאמיסיע, מאנעסזאהן און באהארטשעוו, וועלכער רעדט העברייאיש, זענען געגען די קאמיסיע.

נאך צוועלף דעם זייגער ווערד די אספה געשלאסען.

## די זיבענטע זיצונג.

מיטוואך 10 דעם זייגער.

ד"ר הערצל עפענט די אספה. ער שטעלט פאר דעם ד"ר אפענהיימער, א געלעהרנטער עקאנאם, וואס איז נישט לאנג געווארען ציוניסט.

ד"ר אפענהיימער האלט א רעדע, אין וועלכע ער ווייזט אויף, וואס פאר א שווערע אויפגאבע דער ציוניזם האט זיך אונטערגענומען, איבערצופיהרען א גאנץ פאלק פון איין לאנד אין א צווייטען, מאכען פון א פאלק וואס האט שוין טויזענטער יאהרען זיך ניט בעשעפטיגט מיט לאנד־ארבייט פאר קאלאניסטען אין איין אקלים, צו וועלכען זיי זענען נישט געוואהנט, און דעריבער, זאגט דער רעדנער, איז קיין וואונדער נישט, וואס פיעל גלויבען נישט, אז דער ציוניזם וועט קאנען אויסגעפיהרט ווערען. גאר קיין אוממעגליכעס איז אויף דער וועלט נישטא, דער פרייהייטס־געפיהל פון פאלק, וואס שטרעבט צו בעקומען אהיים אליין פאר זיך, וועט אלע שוועריגקייטען איבערטראגען און סוף כל סוף וועלען מיר קומען צו אונזער ציעל.

די ציוניסטישע קאלאניזאציע, זאגט דער רעדנער, דארף שטרעבען:

1) זיך צו גרינדען נאר אויף זעלבסט־הילף, דאס הייסט דאס פאלק דארף נישט זוכען קיין הילף ביי פרעמדע, נאר איין יוד מוז העלפען בייםן בעזעצען זיך, דעם אנדערן, אבער מעהר נישט ווי בשעת דעם בעזעצען זיך, דערנסטמאל דארף מען ענטוועדער לייען געלד אויף אויס צו צאהלען, אדער געבען במתנה א געוויסע סומע און דערנאך מוז יעדער קאלאניסט זארגען פאר זיך, ביי פרעמדע קאנען מיר לכל היותר פרעגען איין עצה פון ספעציאליסטען, ארבייטען אבער דארפען מיר אליין אהן א שום פרעמדע הילף.

2) די קאלאניזאציע דארף דער עיקר געגרינדעט ווערען אויף לאנד־ארבייט; שפעטער וועלען זיך שוין ממילא ענטוויקלען די אנדערע קלאסען ארבייטער, אבער דער עיקר מוז דורכאוים זיין לאנד־ארבייט ווייל דאס איז דער יסוד פון יעדער מדינה.

3) דאס לאנד דארף געהערען צום גאנצען פאלק און יעדער דארף זיך בעטראכטען ווי ער דינגט זיין חלק לאנד פון גאנצען קהל. נאר נאטירליך, ווי לאנג ער ארבייט זיין לאנד גוט, בלייבט ער דארטען אויף אלעמאל און מען טאר פון איהם דאס לאנד נישט אוועקנעמען. דער דאזיגער פונקט איז געגרינדעט אויף דעם יסוד פון יובל, וואס איז געווען איינגעפיהרט ביי יודען בשעת זיי זענען געוועזען אין ארץ־ישראל.

נאכדעם ווי אפענהיימער ענדיגט די רעדע הויבען זיך ווידער אן ויכוחים וועגען מזרח־אפריקא. עס רעדען נאך זיבען דעלעגירטע. בענטעוויטש פון לאנדאן איז געגען דער קאמיסיע, ווייל מען האלט נישט ביי׳ם בעשיידען א פראגע לפי שעה, נאר איין אייביגע פראגע. ד"ר לעפאלד קאהן מיינט אבער, אז אפריקא קאן אונז פארבערייטען צו ציון. דארט וועלען מיר זיך אויסלערנען זיין א פאליטיש פאלק.

ד"ר ברוצקוס פון פעטערסבורג ווייזט אויף, אז לכל היותר קאן מען אין אפריקא בעזעצען א גאנץ קליינע צאהל, ער מיינט אז עס איז בעסער מען זאל זיך בעשעפטיגען מיט קליין קאלאניזאציע אין פאלעסטינא. ד"ר פארבשטיין זאגט, אז מען קאן די הונגעריגע נישט לאזען לענגער ווארטען, מען מוז זיי שוין געבען ברויט, און אויב נאר אפריקא קאן אונז געבען ברויט. טאר מען איהר נישט אוועקלאזען. ד"ר היינריך לעווע זאגט, אז דעריבער זענען א סך נוטה צו אפריקא, ווייל זיי מיינען, אז אונזער פאליטיק אין ציון שטעהט שלעכט, עס איז אבער נישט אמת, מיר זענען קיינמאל נישט אזוי נאהנט געווען צו ציון ווי היינט. מיר דאכט, אז ד"ר הערצל וויל אונז נאר פריווען, אויב מיר זענען פעסטע ציוניסטען, איהר ווילט ארבייט טוט די דאזיגע ארבייט: שאפט אב דעם אפריקא־פראיעקט און געהט מיט אונזער אנפיהרער קיין ציון.

ד"ר הערצל שמייכעלט צו הערענדיג די לעצטע רייד מיט א הסכמה:

ד"ר אווינאוויצקי זאגט, אז ער טרויט הערצל׳ן, אז ער וועט קיינמאל דעם באזעלער פראגראם נישט ענדערן. והראיה, אז בשעת ער איז געוועזען אין פעטערסבורג האט ער שוין געהאט דעם פראיעקט וועגען אפריקא און פונדעסטוועגען האט ער דארטען נאר פון פאלעסטינא גערעדט. אז ד"ר הערצל הייסט זעצען א קאמיסיע איז די קאמיסיע א ודאי נייטיג. ה׳ ראזענבוים פון יאסי זאגט, אז דא, אויפ׳ן ציוניסטישען קאנגרעס טאר מען וועגען אפריקא נישט רעדען. מען קאן זיך בעשעפטיגען מיט קאלאניזאציע אין אפריקא, אבער דער ציוניזם טאר זיך דערמיט נישט פארנעמען. דערנאך שטעלט זיך נארדוי רעדען, ער פערזיכערט, אז פון די ציוניסטישע געלדער וועט מען נישט איין פרוטה ריהרען, א חוץ פאר די וויסענשאפטליכע עקספעדיציע, אלע אנדערע הוצאות וועט מען נעמען ערגעץ אנדערש. ער פערזיכערט, אז ער אליין איז נישט פאר אפריקא, פשוט ווייל ער ווייסט נישט וואס פאר א לאנד דאס איז, נאר ער איז מסכים, אז מען זאל דאס איבערגעבען צו א קאמיסיע פון ספעציאליסטען און אז זיי וועלען אונז זאגען, אז דאס לאנד איז גוט וועלען מיר דערנסטמאל

רעדען וועגען איין אָרט אויף איבערצונעכטיגען, די קאמיסיע וועט דאך אייך צו קיין זאך נישט נייטען, זי וועט אייך נאר זאגען, צי דאס לאנד איז גוט אָדער נישט. און דער ספּעציעל צונויפגערופענער קאנגרעס צוליב דעם וועט ענטשיידען יא אָדער ניין.

ד"ר הערצל בעט דעם ה' גרינבערג, ער זאל פאָרלייענען דעם דאקומענט פון דער ענגלישער רעגירונג:

### דער דאקומענט פון דער ענגלישער רעגירונג.

דער דאזיגער דאקומענט איז א בריף, וואס קלעמענט היל, דער סעקרעטער פון דער פּאליטישע קאנצעלאריע איבער די מדינות וואס שטעהען אונטער דעם שוץ פון דער ענגלישער רעגירונג, האט געשריבען צו ה' גרינבערג.

דעם 14 אויגוסט 1903.

געעהרטער הער!

ה' טשעמבערלין האט איבערגעגעבען דעם מארקיז לאנדסדוין אייער בריף, וואס איהר האט געשריבען דעם 13 אין פאריגען חודש, אין וועלכען עס איז צו געלעגט א פּראיעקט פון ד"ר הערצל, וועגען איין אבמאך צווישען די רעגירונג פון אונזער קעניגליכען מאיעסטעט און צווישען דער יודישען קאלאניאל־באנק וועגען גרינדען א יודישע קאלאניזאציע אין מזרח־אפריקא.

דער מארקיז לאנדסדוין האט אויך איבערגערעדט וועגען דעם וואס איהר האט מיט איהם גערעדט דעם 6־טען פון היינטיגען מאנאט מיט דעם הערן E. Barsington און מיט דעם הערן Hurst.

דער מארקיז לאנדסדוין האט מיר געהייסען אייך מודיע זיין אז ער האט וועגען דעם פּראיעקט גוט נאכגעקלערט. בכלל איז דאס הארץ פון אונזער קעניגליכער מאיעסטעט שטענדיג וואך צו אלץ, וואס עס טוט זיך לטובה די יודען. די צייט איז צו קורץ געוועזען און ער האט נישט בעוויזען צו רעדען בפרטות וועגען דעם פּראיעקט און דעריבער קאן איך מיין מיינונג נישט זאגען אויף געוויס.

דער מארקיז לאנדסדוין מיינט, אז פון דער יודישען באנק זאל מען שיקען איינינע מענשען אין די מזרח אפריקאנישע מדינות, וואס שטעהען אונטער אונזער רעגירונגס שוץ, כדי זיי זאלען אליין זעהן, אויב דאס לאנד טויג צו זייער צוועק, און אויב יא, וועט ער עס האלטען פאר א גליק, אז ער וועט אייך די זאך קענען פערלייכטערן, כדי איהר זאלט קענען רעדען מיט דעם פארטרעטער פון דער רעגירונג, און אויף דעם קינפטיגען קאנגרעס וועט איהר שוין קענען פארטראגען די פארהאנדלונג וועגען דעם, און וועט בעשליסען אויף וואס פאר איין אופן קאן מען גרינדען א קאלאניזאציע פאר יודען אין יענער מדינה.

אז איהר וועט געפינען א מדינה, וואס די שליחים פון באנק און די פארטרעטער פון אונזער רעגירונג וועלען דערויף מסכים זיין, אז זי איז לויט אייער רצון, איז דער לארד לאנדסדוין גרייט אנצונעמען אייער פּראיעקט וועגען גרינדען א קאלאניזאציע פאר יודען, וואו זיי וועלען קענען היטען זייערע מנהגים ווי זיי ווילען נאר אליין. צו דעם צוועק איז ער גרייט, אויב די מדינה וועט אייך נאר געפעלען, און אויב די רעגירונגס־פארטרעטער, וואס האבען צו זאגען אויף די ענינים פון מזרח־אפריקא וועלען דערויף מסכים זיין, זיך איין עצה צו האלטען בפרטות וועגען דעם פּראיעקט. איהרע הויפּט־תנאים וועלען זיין: אייך צו געבען א מדינה, וואו מען וועט קענען בעזעצען זעהר א גרויסע צאהל מענשען, מען זאל בעשטימען א יודישען מנהיג פאר דעם פּרעזידענט פון לאנד. און אין גאנצען די פרייהייט אין די אינער־ליכע הערשאפט פון לאנד און אין אלע ענינים פון גלויבען. די הערשאפט אייערע וועט אבער שטעהן אונטער די הויפּט־השגחה פון אונזער רעגירונג

עס איז איצט נישט נייטיג צו רעדען מיט אייך קיין סך וועגען די פּרטים פון דעם דאזיגען פּראיעקט, אויף וואס פאר א תנאים מען וועט אייך דאס לאנד געבען, צי מען וועט אייך דאס פארקויפען לחלוטין, אָדער פארדינגען, נאר דער מארקיז לאנדסדוין מיינט, אז די הוצאות פון די הערשאפט וועט נישט זיין אויף חשבון פון אונזער רעגירונג. אויך האט זי דאס רעכט פון אייך עס צוריק צו צונעמען, אויב אייך וועט דארטען נישט געראטען.

אייער ערגעבענסטער פריינד Clement Hill

### די אכטע זיצונג.

מיטוואך 4 דעם זייגער נאכמיטאג.

הערצל האלט א רעדע און ער בעמיהט זיך מיט אלע מעגליכ־קייט, צו ווירקען אויף דעם קאנגרעס, ער זאל בעשליסען צו זעצען א קאמיסיע, אויב מיר וועלען די קאמיסיע נישט זעצען קאן די ציוניס־טישע ארבייט נאך שווערער זיין און אפשר גאר אוממעגליך. מען שטעלט צום אבשטימונג. רוב דעות 295 זענען פאר דער קאמיסיע און 177 געגען דער קאמיסיע.

די מורשים: כהן־בערנשטיין, טשלענאוו, ברוק, טעמקין און יאקאבסאהן געהען ארויס פון זאל מיט א לארם. זיי דריקען דערמיט אויס זייער פּראטעסט געגען די חברים פון אקציאנס־קאמיטעט.

מעהרערע רוסישע דעלעגירטע, וואס זענען געגען דער קאמיסיע געהען צוזאמען מיט די מורשים ארויס פון זאל.

ביז 4 א זייגער ביינאכט דויערט די זיצונג.

מען טראגט צולעצט פאר איינינע פּראיעקטען: 1) אז הוצאות אויף דער עקספּעדיציע זאל מען נישט נעמען פון דער ציוניסטישער קאסע. 2) איידער מען וועט שיקען די עקספּעדיציע אויסצופארשען דאס נייע לאנד זאל מען צוזאמען רופען איין אספה פון גרויסען אקציאנס־קאמיטעט. הערצל איז מודיע צוויי מאל, אז ער וויל קומען אויף דער אספה פון די וואס זענען ארויס פון זאל, מען וויל איהם נישט גערן אריינלאזען, מען נעמט איהם אבער דאך אריין, אבער מען בעגעגענט איהם קאלט.

ה' ראזענבוים מעלדעט דעם ד"ר הערצל, אז די חברים פון גרויסען אקציאנס־קאמיטעט, האבען בעשלאסען זיך אבצוזאגען, ווייל ד"ר הערצל גייט זיי צו טון זיין רצון.

ד"ר הערצל רעדט מיט א ווייך קול. ער פארזיכערט ווידער, אז ער מיינט נאר ציון, אבער דערווייל איז נייטיג באלדיגע הילף. און דא האט מען אזא פּראיעקט, קענען מיר דאס ניט אבשטויסען, מיר דארפען דאך וויסען אונזער אמת'ע לאגע, מיר דארפען זיך נישט נארען. קיין מאראלישע קרעפטע האבען מיר נישט, קיין געלד האבען

מיר נישט, אט אזוי העלפט איהר מיר דאס. בשעת איך בין צוריקגעקומען פון קאנסטאנטינאפאל, איז די ישועה געוועזען גאר נאהנט. מען האט גאר געברויכט אנדערהאלבען מיליאן פונט שטערלינג, דענסטמאל האבען זיך אנגעהויבען די געשרייען אונ די לארמעס אונ קוים מיט צרות האט מען צוזאמגענומען אכציג טויזענט פונט. וואס האב איך געזאלט טון? מיר קענען זיך דאך נישט פארדרעהען דעם קאפ מיט פוסטע פאנטאזיעס. מיר מוזען עפּים טון. דער וועט עס זאגט אז איך מאך איבער דעם באזעלער פראגראם טוט מיר א גרויסע עולה.

ד"ר הערצל'ס רייד האבען געווירקט, דער עולם איז געווארען געלאסענער.

## די ניינטע זיצונג.

דאנערשטאג 9 דעם זייגער אין דער פריה.

מיט א לארם פון „הידד" בעגעגענט דער קאנגרעס דעם ד"ר הערצל. דערנאך האלט ה' סאקאלאוו א רעדע „וועגען דעם ציוניזם אונ צדקה אין מזרח אייראפא", אין וועלכער ער ווייזט אויף ווי מען דארף די פארם פון צדקה איבערמאכען, אונ אריינברענגען אין איהר א ציוניסטישען גייסט.

נאך סאקאלאוו האלט אינזשיניר קרעמניצקי פון וויען א רעדע וועגען נאציאנאל-פאנד אונ ער בעשולדיגט די ציוניסטען אז זיי פארהאלטען זיך צו גלייכגילטיג צו דעם נאציאנאל-פאנד, אויך ד"ר פארבשטיין האלט א רעדע, אבער מען הערט איהם שוין אונגעדולדיג, דער עולם איז שוין מיד פון די ויכוחים וועגען מזרח-אפריקא דער קאנגרעס בעשטימט:

1) די תקנות-בעשטעטיגונג פון דעם נאציאנאל-פאנד זאל מען איבערגעבען דער „יאהרעסקאנפערענץ".

2) פון דעם נאציאנאל-פאנד געלד זאל מען קויפען לאנד אין פאלעסטינא אונ אין די דערבייאיגע לענדער.

3) דער נאציאנאל-פאנד קאן אנהייבען ארבייטען ערשט דענסטמאל ווען עס וועט שוין זיין 200,000 פונט.

אז עס וועט שוין די דאזיגע סומע זיין קאן מען מיט א העלפט געלד אנהייבען צו קויפען לאנד אין פאלעסטינא אונ דאס איבריגע זאל בלייבען ליגען אלס פאנד.

נאר אויב דריי פערטעל פון די וואס האבען צו זאגען איבערן נאציאנאל-פאנד וועלען געפינען פאר נייטיג צו קויפען לאנד נאך איידער עס וועט זיין די 200,000 פונט, מעגען זיי קויפען.

## די צעהנטע זיצונג.

דאנערשטאג 4 דעם זייגער נאכמיטאג.

א דעלעגירטער פון ארגענטינע שילדערט די דארטיגע יודישע לאגע, דערנאך לייענט ה' וואלפזאהן דעם חשבון פון קאלאניאל-באנק, אונ איז מודיע, אז עס איז צו האפען, אז די רוסישע רעגירונג וועט אראבנעמען דעם איסור פון די אקציעס אונ וועט ערלויבען עפנען אין רוסלאנד אבטיילונגען פון קאלאניאל-באנק. ה' סאקאלאוו איז מודיע וועגען דער ענציקלאפעדיע. ד"ר סאסקין לעגט פאר מען זאל שיקען א וויסענשאפטליכע קאמיסיע אויספארשטען פאלעסטינא. ד"ר האנטקע אין נאמען פון די דייטשע דעלעגירטע איז דערצו מסכים אונ פארלאנגט צו דעם צוועק פון קאנגרעס 15,000 פראנק, מען נעמט עס אן, אהן שום ויכוחים.

## די לעצטע זיצונג.

פרייטאג.

אין די לעצטע זיצונג איז אנגענומען געווארען מען זאל תיכף אנהויבען קויפען פון דעם נאציאנאל-פאנד-געלד לאנד אין פאלעסטינא, אונ נישט ווארטען ביז עס וועט זיין 200,000 פונט.

ד"ר הערצל האלט די שלוס רעדע, ער פארזיכערט פעסט, אז נישט איין איינציגע רגע וועט ער ציון ארויסלאזען פון זינען, מיט א ציטריג קול זאגט ער אויף לשון הקדש „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני". ד"ר הערצל ענדיגט זיין רעדע אונ איז מודיע, אז דער קאנגרעס איז געשלאסען, מען קלויבט איהם אויס צום פרעזידענט פון אקציאנס-קאמיטעט. די וואהל ווערד אנגענומען מיט גרוים התלהבות.

א לארם אונ א געשריי פון „הידד" הערט א לאנגע צייט נישט אויף. אלע חברים פון קאנגרעס שטעלען זיך אויף, מען זינגט די „התקוה" מיט גרוים התלהבות. זינגענדיג „עוד לא אבדה תקותנו" ציטערען די פענסטער פון קאזינא.

מען מאכט דעם ד"ר הערצל אונ די פארשטעהער גרויסע אוואציעס, מען האלט א סך רעדען אויף לשון הקדש. אונ שרייענדיג „לשנה הבאה בירושלים" פארלאזט מען דעם זאל.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— מאנטאג דעם 24 אויגוסט איז א שרעקליכע שרפה אויסגעבראכען אין א גרויס געשעפט אין בודאפעסט, אונ עס זענען פארברענט געווארען מעהר אלס 50 נפשות, דאס רוב יודען אונ א סך פארוואונדעטע, דער היזיק בעטרעפט פיער מיליאנען קראנען. דער קייזער פראנץ יאזעף האט בעזוכט די פערוואונדעטע אונ האט זיי געטרייסט.

— צו דעם משפט פון דעם רוצח, וואס האט גע'הרג'עט דעם רוסישען קאנסול ראסטקאווסקי, האט מען נאר צוגעלאזען די פארשטעהער פון די פרעמדע מלוכות אונ זיי האבען געפועל'ט מען זאל אויך צולאזען צוויי קארעספאנדענטען. דער פארוואלטער פון דעם רוסישען קאנסולאט אין ביטאלי א. נ. מאנדעלשטאם איז געוועזען דער פראקוראר ביים משפט, אונ אויף דעם איינענעם ארט, וואו מען האט דעם קאנסול ראסטקאווסקי געהרג'עט האט מען די ביידע רוצחים אויפגעהאנגען, די לעצטע ווערטער פון די פאר'משפט'ע איז געוועזען: אללאה! זיי זיך נוקם פאר אונז!

— דער פינאנץ-מיניסטער וויטע איז בעשטימט אלס פרעזידענט פון מיניסטארען-קאמיטעט.

— דער פיהרער פון קייזערליכע באנק פלעסקע איז בעשטימט אלס פיהרער פון פינאנץ-מיניסטעריום.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. דער רוסישער פינאנץ-מיניסטער וויטע האט געדאנקט איינינע אפיציערען, וועלכע שטעהען מיט זייערע מיליטער אין בעסראביע דערפאר, וואס זיי האבען נישט דערלאזט צו קיין פאגראמען, וואס עס האט געזאלט זיין דעם פארגאנגענעם אפריל אין דער שטאדט קיליאל.

— פון קישינוב שרייבט מען אין די רוסישע צייטונגען, אז די פארשטעהער פון יק"א אין רוסלאנד זענען ווידער געקומען אין קישינוב, די אויסוואנדערונג פון דארטען ווערד אלץ גרעסער.

— דער רוסישער קייזער האט געגעבען איין אלערהעכסטען בעפעהל, מען זאל ערלויבען די יודען אין פינלאנד צו קוילען בהמות לויט די יודישע שחיטה. מיט דעם דאזיגען בעפעהל האט דער רוסישער קייזער מבטל געווען די גזרה, וואס איז גרייט געווען צו אסר'ען שחיטה אין פינלאנד.

— די רעגירונג האט בעשטעטיגט דעם תקנות-בוך פון דער ערשטער יודישער חברה, וואס די מינסקער ארבייטער און בעלי מלאכות האבען געגרינדעט.

— אויף דעם זעקסטען קאנגרעס אין באזעל האט ה' נ. סאקאלאוו, דער רעדאקטאר פון „הצפירה", מודיע געווען, אז ה' טורא ק אוים קאפשטאדט (אפריקא) האט איינגעלעגט א געוויסע סומע פאר דער אלגעמיינער יודישע ענציקלאפעדיע, וואס מיט דעם וועט מען קענען אויסהאלטען אלע הוצאות, דער ריינער רוח וועט אויסגעגעבען ווערען אויף ציוניסטישע צוועקען.

— פרוי יונגערמאן אוים אדעסא איז געבליבען איין אלמנה, דער מאן איהרער איז געשטארבען אהן קינדער און זי האט געמוזט אנקומען צו איהר שוואגער, דעם מאנס ברודער, ער זאל איהר געבען חליצה. יעקב, דער שוואגער, האט אבער פארלאנגט דערפאר 1000 רובל. די ארימע יונגע אלמנה האט אבער מעהר ווי 200 רובל נישט געקאנט געבען און פאר גרוים צער און עגמת-נפש האט זיך די אלמנה געוואלט פארגיפטען, עס איז געראטהען איהר אבצוראטעווען, דאס האט אבער אויף איהר שוואגער קיין רושם נישט געמאכט און איז אלץ געבליבען ביי זיין ערשטען פערלאנג. די אומגליקליכע אלמנה האט זיך ווידער געפריווט נעמען דאס לעבען, דאס מאל שוין מיט הענגען זיך, נאר ווידער איז גראד אנגעקומען א פרוי און האט איהר דעם שטריק פון האלז אראבגענומען. פרוי יונגערמאן האט זיך געווענדט צום רב, דאס האט אבער גאר נישט געהאלפען, און סוף כל סוף האט זיך די אומגליקליכע אלמנה בעשלאסען צו פערררייזען, נאר אזוי ווי זי האט נישט געהאט קיין דאקומענטען האט זי זיך אויסגעזוכט אזוינע „גוטע ברידער", וואס האבען איהר פאר 60 רובל צוגעשטעלט א פאס. אויפ'ן שיף ביין קאנטראלירען די בילעטען האט די פאליציי דערוואוסט, אז יונגערמאן פאהרט אויף א פאלשען פאס און מען האט די אומגליקליכע אוועקגעפיהרט אין אסטראג.

---

* *
*

איך האב אין א פינסטערער נאכט
די טיר און די לאדען פארמאכט
און האב זיך בעחשבונ'ט מיט שרעק:
אין וואס איז מיין לעבען אוועק...

און ווי דורך א שפאלט האט געטאגט,
האט עלענד מיין הארץ זיך געקלאגט;
געקלאגט און געציפט און געקלעמט:
איך האב פאר דער זון זיך געשעמט...

* *
*

ביטער איז געוועזן מיין „נעכטען"
און מיין „היינט", איז פול מיט זארגען
און דער היינט און נעכטען מיינער
שאפען, וועבען מיר מיין „מארגען".

י א וועלכע צוויי שלימזל'ים
קאנען רעכטם דען עפים מאכען?
ס'וועט ארויסקומען א מארגען
נאר צום חוזק'ען, צום לאכען...

א. רייזען.

---

## ליטעראטור און קונסט

— עס איז ארוים פון דרוק דאס דריטע העפט „קרית ספר" אונטער די רעדאקציע פון ה' בנימין צבי שיינפינקעל. אין דעם דאזיגען העפט געפינען זיך די ארטיקלען: מספר הגיטו החדש. א. ליבאשיצקי, מערכת ספרים, הספרים שהגיעו אל המערכת, נדבות ספרים „להבית הנאמן", פליטת סופרים: מכתב הר' שלמה מאנדעלקערן להר"י רייפמאן. — רזא דרזין, א. דיינארד.

— הזמיר. שירי ילדים לזמרה ולמקרא. (קינדער לידער צו זינגען און צו לייענען) אויסגאבע „מיריה". אדעסא תרס"ג.

אין דעם דאזיגען קינדער זאמעל-בוך, וועלכעס איז רעדאגירט דורך נ. פינס, געפינען זיך פיעל צונויפגעזאמעלטע לידער, פון פערשידענע העברייאישע דיכטער, ווי י. ל. גארדאן, ש. ל. גארדאן, ז. יעבץ. י. כהן, מיכה לעבענזאן, צבי מאנע, ש. פרוג און אנדערע און נייע לידער פון ח. נ. ביאליק און ש. טשערניחאווסקי.

דאס זאמעל-בוך, איז געדרוקט אויף א שען פאפיר מיט שענע שריפט און עס פארדיענט סאי מיט זיין אינהאלט, סאי מיט זיין אויסזעהען זיך צו געפינען אין יעדע יודיש הויז, וואס לערנען זייערע קינדער העברייאיש.

---

## אלערליי.

— דער נייער פאפסט און שבת. דאס ענגלישע בלאט „דזואיש קראניקעל" שרייבט מען פון רוים: דער נייער פאפסט פיאוס דער צעהנטער איז זעהר בעליבט ביי די יודען פון ווענעדיג, וואו ער איז געוועזען פאטריארך. מען דערצייהלט, אז אמאל האט ער באגעגענט א יודישען קרעמער, ביי וועלכען זיינע שוועסטערס פלעגען קויפען פארשידענע זאכען, ארומטראגענדיג זיינע סחורות אים שבת. דער פאטריארך סארטא, דער היינטיגער פאפסט, האט זיך צו איהם גענוועגדעט און געזאגט, אז דו וועסט נאך אמאל מחלל שבת זיין, וועל איך דיר אויף מיין שוועל נישט ארויפלאזען. — עס איז בעקאנט, אז ווען דער פאפסט איז געוועזען קאנאניק אין טרעוויזא איז ער געוועזן הויז-לעהרער ביי דער יודישער פאמיליע יקר.

צוויי הערצער. אין דער שטאדט פאטערסאהן (אמעריקא) געפינט זיך א יונגער מאן פון 25 יאהר, וועלכער האט געוואלט דיענען פרייוויליג אין דער מלחמה, וואס איז געוועזען צווישען שפאניע און אמעריקא, בשעת די דאקטוירים האבען דעם דאזיגען יונגעז מאן אונטערזוכט, האבען זיי ארויסגעפונען, אז ביי איהם קלאפען צוויי הערצער, אנדערע דאקטוירים, וועלכע האבען דעם וואונדערליכען יונגען מאן אונטערזוכט, האבען אויך דאס איינגענע געפונען, ביידע הערצער קלאפען גלייך און זענען ביידע גלייך די גרוים.

וואו איז די מנורה? דער איטאליענישער געלעהרנטער וויספילענד ווייזט אויף, אז אויף דעם גרונט פונ'ם טייך טיבער געפינען

זיך אַ סך טייערע חפצים, גאלדענע און זילבערנע, כלי־זיין פון פאר־שיעדענע מעטאלען און אויך די מנורה פון בית המקדש, ווי מען מעלדעט האט זיך נעגרינדעט א געזעלשאפט מיט א קאפיטאל פון אנדערהאלבען מיליאן ארויסצובעקומען די דאזיגע אוצרות פון תהום.

---

# יודישע פרויענוועלט

## I. אלגעמיינע נייעס.

— דער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג אין אונגארן האט פאר־באטען די שילערינען פון די שולען צו טראגען קארסעטען, ווייל זיי שאטען צום געזונט.

— חינעזישע פרויען, וואס האבען בעזוכט דעם טאקיער אוני־ווערזיטעט, האבען געגרינדעט א פעראיין פון רויטען קרייץ און האבען פארגעלענט דער חינעזישער רעגירונג זייער ארבייט בשעת א מלחמה.

— אין דייטשלאנד האט מען בעשלאסען אריינצונעמען צום „יוריסטען־טאג", וואס וועט אין קורצען זיין אין דייטשלאנד אויך פרויען־יוריסטען.

## II. יודישע נייעס.

— אין ווארשא איז אנגעקומען די ערשטע קאמי־וואיאזשארין, וועלכע איז געשיקט געווארען פון א דייטשער גרויסע פירמא פון גא־לאנטריי סחורה. די דאזיגע קאמי־וואיאזשארין איז א יודישעס פריילין אויס פראנקרייך און פארשטעהט גוט איינינע שפראכען.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

---

אין גיכסטען וועט צעשיקט ווערען די אבאנענטען פון די „יודישע פאלקס־צייטונג" דער

## צווייטער באנד

פון

## „שלום־עליכמ'ס אלע ווערק".

אינהאלט.

מעשות פאר יודישע קינדער:



I. חנוכה געלד,
II. אחשורוש,
III. פארשטערטער פסח,
IV. ליג בעומר,
V. די פאהן,
VI. ראבטשיק,
VII. מתושלח,
VIII. דער זיידער,
IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

לא תחסר בהתנ"ד הזה.

כל נקודה ונגינה



הוצאת „תושיה".

# ספרי למוד

מאת י. גרזובסקי, מורה בבתי הספר העברים בארץ ישראל.

## ראשית למודי שפת עבר.

מתודה, בנקוד ובלי נקוד, עם תרגום המלים ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות) ועם תרגילים רבים להתחנך בדבור העברי.

הספר נועד לילדים היודעים אך לקרוא ולכתוב. המחבר שם לב לתת לפני התלמידים הרכים מאמרים וספורים ושיחות אך מחייהם, מהחיים הקרובים אל לבם ואל רוחם, הסובבים אותם יום יום בבית, בביה"ס ובחוץ. בכל יכלתו השתדל להרגילם ע"י המאמרים הקצרים והספורים אל הדבור, נתן להם היכולת לדבר ולספר את אשר הם יודעים, מבלי להעמים על מוח הילד את כללי הדקדוק השונים להלכה. נתן לפניו תרגילים רבים להסכין אל החוקים, מבלי אשר ידע כי חוקים הם, ולהתחנך בהם אך ע"י ההרגל והנסיון. גם באו בהספר הזה ספורים קלים שונים לילדים, באופן אשר המורה הנבון ימצא לו תמיד ענין לענות בו ושאל את התלמיד בעברית שאלות שונות, מאותו ענין שהוא קורא, והתלמיד יענה לו ג"כ בעברית, לפעמים בעזרת המורה. בעבור התלמיד על כל הספר ירכש לו כאלף מלים היותר נצרכות ודרושות תדירות ורגילות בדבור ובשיחות.

מחיר הספר 50 ק/, מכ' בניר 60 ק/, בבד 65 ק/, פארטא 8 ק/.

## בית ספר עברי.

**חלק ראשון.** ספר למוד למתחילים, ערוך ביחוד לתכלית הרגלת התלמידים בשמוש שפת עבר בתור שפה חיה ומדוברת.

מחירו 25 ק/, מכ' בניר 30 ק/, בבד 35 ק/, פאר' 4 ק/.

**חלק שני.** גם הוא נועד לתלמידים הלומדים עברית בעברית, אולם גם ללומדים עברית בתרגום לשפה אחרת ויהיה לספר למוד וקריאה מענין, נחוץ ומועיל. — בשני החלקים האלה באו כללי הדקדוק ושמוש הלשון היותר נחוצים, ומאמרים וספורים יפים למקרא.

מחיר ח"ב 50 ק/, מכורך פשוט 60 ק/, בבד 65 ק/, פאר' 10 ק/.

**חלק שלישי** (מחזיק 265 עמודים). קובץ פרקי־מקרא שונים לבני הנעורים — ספורים, ציורים, שירים, משלים, פרקים מדברי ימי ישראל וכו' וכו' — מעשי ידי טובי הפדגוגים והסופרים העברים.

מחירו 75 ק/, מכ' פשוט 85 ק/, בבד 90 ק/, פאר' 12 ק/.

מחיר כל שלשת החלקים 1.50 ר/, מכורכים יחד בניר 1.65 ר/, בבד 1.70 ר/.

Книгоизд. „Тушія" Варшава. Verlag „Tuschijah" Wars

Herausgeber Verlag Volksbildung. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher. Krakau. Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

גענעזע מערידען און פוקל'עס!
אפאראט וועלכער היילט גרינדליך
אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר' 50 קאפ.
Д. МОШКОВСКІЙ Варшава, Налевки 37.
(55) (15—[illegible])

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין
פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79,
ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבע-
טורינס אומזאנסט. פיר פערמעגלי-
כע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג.
אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר
פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12
231 פריה. (20—11)

בבית־מסחר־ספרים של.
ז. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג,
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Сребёрка,
225 Вильн[illegible]. 50—11

אומזוסט אהן געלד!!
שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען
און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

ТОЛЬКО нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: Я. Найдичъ, Варшава.

בבית מסחר הספרים
י. ראזומאווסקי בברדיטשוב
ובהמחלקה שלו בווארשא. נאלעווקי 34
אצל א. צייליגנגאלד נמכרים כל מיני
(417) ספרים במקחים נמוכים. 15 50

# ביבליותיקה לבני הנעורים (הוצאת „תושיה"):

## I לילדים:

1) קובץ שיחות קטן (שיחה) מאת ר. גוסטפסון, תר' נ. פינס. 2) ידידי המלך עמינדב (שיחה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 3) הרועה ובת המלך (אגדה) — הנ"ל, תר' י. ב. לבנר. 4) א] המלך אשר שנתו נגזלה, ב] פרחי ששון (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 5) ארבעים שודדים (אגדה ערבית) — תר' מ. סילמן. 6) שלשה אחים (שיחה) — ר. גוסטפסון, תר' נ. פינס. 7) רחוב הזהב (אגדה עברית) — ל. ויזל, תר' י. ב. לבנר. 8—10) א] עשר ואשר, ב] גדול העליליה (אגדות ערביות) — תר' הנ"ל. 11, 12) א] גמול ישרים או רחוב מזל, ב] הרמב"ם והעלם האלם (אגדות עבריות) — ל. ויזל, תר' הנ"ל. 13) החבצלות (ספור) — רוטשטיין, תר' נ. פינס. [illegible]) הבליף־החסידה (אגדה) — הויף. תר' י. ב. לבנר. 15) א] פרעה מלך מצרים (ספור הסטורי) — ד'ספירל, ב] בלב־ים (אגדה מדרשית) — תר' הנ"ל. 16) איש בלי לב (אגדה אנגלית) — תר' א. ליבושיצקי. 17) הדיג והדגה (אגדה בחרוזים) — א. ס. פושקין, תר' הנ"ל. 18) ל"ג בעומר (ספור) — ש. דינר. 19) הכלה האמתית (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 20) יוחנן הנאמן (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 21, 22) א] הרח אוהב הכסף (ספור התולים), ב] עשיר אמלל (אגדה) — תר' מ. סילמן. 23) המלך שלמה ומשחקי השח־מט (אגדה מזרחית) — תר' א. ב.. 24) לב אבן (אגדה עברית) — ל. פיליפזון, תר' פ. קפלן. 25) אח ואחות (ספור) — תר' הנ"ל. 26) גלית הנדיב (ספור) — תר' א. ליבושיצקי. 27) לבנת שלג (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 28) השד ושלש שערות הזהב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 29) א] בית היער, ב] הנחש הלבן (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 30) א] הברקת, ב] אשר ועני (ספורים) — י. ב. לבנר. 31—54) כל אגדות ישראל (חלק א', 24 חוברות) — הנ"ל. 55) ילד מצל (שיחה) — א. ברוסילובסקי. 56—58) משלי ילדים (3 חוברות) — שלמון. 59,60 מעשה בנבוכדנצר שנהפך לדב (ספור) — י. צ. לוין. 61—75) למען אחי הקטנים (שירים מקוריים ומתרגמים, 15 חוברות) — א. ליבושיצקי. 76—78) מיגון לשמחה (ספור) — כ. שמידט. תר' י. ב. לבנר. 79) ימים מקדם (ספור) — מ. הורליק. 80) ילדים עובדים (ג' ספורים: 1] יעקב, 2] ימימה, 3] רחביה) — י. גרזובסקי. 81—90) שיחות ילדים (10 חוברות) — י. שטינברג. 91—93) למך ולמך (ספור־אגדה) — י. צ. לוין. 94—95) נח בתבה (ספור־אגדה) — הנ"ל. 96—97) העצמות היבשות (ספור־אגדה) — הנ"ל. 98—99) הפחה הרועה (אגדת בני קדם) — תר' ב. רוביגוק. 100) מעשה בבן מלך (אגדה) — הנ"ל. 101) א] החסידה, ב] החידה (אגדות) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 102) א] יקטן הנבון, ב] זלפה החכמה, ג] המסחר הטוב (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 103) א] מלך הר הזהב, ב] ש[illegible]ית ושלמה (אגדות) — הנ"ל — הנ"ל. 104) א] ארון הזכוכית, ב] החתן השודד (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 105) עפר האילים (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 106) בת יחידה (ספור) — תר' א. ליבושיצקי. 107) המומרת הקטנה (ספור) — תר' הנ"ל. 108) א] המשורר העני, ב] דבורה הזקנה (ספורים) — תר' הנ"ל. 109) מעשה בשלטן אחד (אגדה ערבית) — תר' הנ"ל. 110 א] המלאך הגואל, ב] הכוכבים שאבדו (פנטסיות) — תר' הנ"ל. 111—155) כל אגדות ישראל (חלק ב', 45 חוב') — י. ב. לבנר. 156) צפור־הזהב (אגדה) — האחים גרים, תר' ש. ברמן. 157) החיט אמיץ הלב (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 158) רמוצה (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 159) א] כפה אדומה, ב] הקציעה (אגדות) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 160) רעת האווזים (אגדה) — הנ"ל, תר' הנ"ל. 161—163) בני המלך והלביא (אגדה מזרחית, ג' חוב') — תר' ח. ד. רוזנשטיין. 164) דבורה (אגדה) — תר' פ. קפלן. 165) אי־הסוף (אגדה) — תר' א. רזוט. 166) חכמה נפלאה (ספור) — תר' חיים רבינוביץ. 167,168) א] רבי אליעזר בן הורקנוס (תולדה) — י. מיוחס, ב] מעשה באיש מופת (ספור) — ק. ל. סילמן. 169, 170) שולמית (אגדה, מימי שלמה מלך ישראל) — י. שטינברג. 171) א] גבה מעל גבה (משל), ב] המנדרין והבגדיחן (בדיחה) — תר' י. ב. לבנר.

מחיר כל נומר 4 ק'. פאר' לכל חוברת או לשלש ביחד 2 ק'; כל 5 נומרים בכרך קטן אחד מכ' בבד ארום מחירו 25 ק'. פאר' 4 ק'; כל 10 נומרים בכרך אחד מכ' 50 ק'. פאר' 6 ק'; כל 15 נומרים בכרך אחד מכורך הדר בבד 75 ק'. פאר' 10 ק'.

מחיר כל אגדות ישראל מאת י. ב. לבנר (מאשר מטעה"מ) (פורמט קטן) ח"א מכ' הדר 1.45 ר'. פאר' 14 קאפ; ח"ב בשני כרכים מכ' הדר כ"א 1.05 ר'. פארטא לכ"א 14 קאפ'.

מחיר ילקוט ספורים (י"ד ספורים) מאת י. ב. לבנר (מאשר מטעה"מ) 56 ק', מכ' הדר 70 ק'. פאר' 10 ק'.

## II לנערים:

1] א—ב) מלחמת אחים (ספור ע"פ ו. הוגא). י. ב. לבנר.
2) ג) אגריפס הראשון (ציור הסטורי). א. ז. רבינוביץ.
3] ד—ה) השבוי בקוקז (ספיר. טולסטוי) תר' הנ"ל.
4] ו—י) המוהיקני האחרון ספור ע"פ קופר). י. ב. לבנר.
5] יא—יג) אי בורניא (ספור מסע ע"פ מיין־ריד). א. ז. רבינוביץ.
6] יד) בני משה (אגדה). ל. מקלר.
7] טו) הנדחים בירכתי צפון (ספור־מסע). תר' מ. ס. איזנשטדט.
8] טז—כ) מגבורי האומה (תולדות ישראל ע"י ביוגרפיות) 5 חוברות: 1) עזרא ונחמיה; 2) שמעון הצדיק וחוניו בנו; 3) יהודה המכבי; 4) שמעון בן שטח ושלומית אחותו; 5) הלל הבבלי (הזקן). ש. ברמן.
9] כא—כה) בן המלך והעני (ספור ע"פ מרק טוען). 5 חוברות. י. גרזובסקי.
10) כו—כט) האח העור (ספור ע"פ גרן). 4 חוברות. י. ב. לבנר.
11] ל) הצעד הראשון (ספור). תר' פ. קפלן.
12] לא—לה) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל) 5 חוברות. תר' י. גרזובסקי.
13] לו—נ) מגבורי האומה (כנ"ל) 15 חוברות: 6) רבן גמליאל הזקן; 7) אלעזר בן חנניה הכהן ויוחנן בן לוי מגוש חלב; 8) רבי יוחנן בן זכאי 9) רבן גמליאל דיבנה; 10) רבי יהושע בן חנניה; 11) רבי טרפון; 12) רבי ישמעאל בן אלישע; 13) רבי עקיבה בן יוסף; 14) שמעון בר־כוכבא; 15) רבי מאיר; 16) רבן שמעון בן גמליאל; 17) רבי שמעון בן יוחאי; 18) רבי יוסי בן חלפתא; 19) רבי יהודה הנשיא, חוברת א'; 20) רבי יהודה הנשיא, חוברת ד'. ש. ברמן.
14] נא—נב) הנודד הקטן (ספור, ה. אמיצים). 2 חוב', תר' א. ליבושיצקי.
15] נג—נד) ברונא הנודד (ספור). תר' א הייבשוביץ.
16] נה) שני המלכים (ספור). תר' ב. רובינוק.
17] נו) נחל דמעה (אגדה קוקזית), תר' הנ"ל.
18] נז—נח) יונת המלכה (אגדה). תר' מ רודיוב.
19] נט—ס) חכמת העמים (מספורי לבולי). תר' י. גרזובסקי.
20] סא—ע) מגבורי האומה (כנ"ל) 10 חוברות: 1) רבי חנינא בן חמא; 2) רב (אבא אריכא); 3) הנ"ל; 4) שמואל (ירחינאי); 5) רבי יוחנן בן נפחא; 6) הנ"ל; 7) רבי שמעון בן לקיש (ריש לקיש); 8) רב הונא ורב יהודה; 9) רבי אבוהו; 10) רבה ורב יוסף. שלמה ברמן.
21] עא—עג) 1) אהבת אם (ספור), 2) יחזקאל (ספור). י. שטינברג.
22] עד) 1) שכולה, 2) כתב הזבובים, 3) האח והאחות, 4) החסיר והחסידה (מעשיות). הנ"ל.
23] עה) 1) ישרח בת אשר, 2) צפורה (אגדות). י. שטינברג.
24] עו) 1) חץ תשועה, 2) מלת פלאים (אגדות). הנ"ל.
25] עז) 1) תמרים של המשה עשר, 2) גזר הדין (אגדות). הנ"ל.
26] עח, עט) 1) צחוק שפתים (ספור), 2) האשף (ספור) י. ב. לבנר.
27] פ) במקום דרשה (מחזה לילדים). י. ח. טביוב.
28] פא) נשף פורים (מחזה לילדים במערכה אחת). מ. מונסבין.
29] פב) החמסן הקטן (חזיון בעלילה אחת וחמשה מחזות). [illegible] הורליק.
30] פג—פד) מוכר נער רע (חזיון בשמונה עשר מחזה). תר' הנ"ל.
31] פה) העניים (חזיון בעליה אחת ותכשה מחזות). תר י. ב. זקינד.
32] פו—צ) מחיי הטבע (ספורים מחיי החיות, פ. ברנדל). תר' י. גרזובסקי.
33] צא) מחיי הילדים בארץ ישראל (ספורים). חמדה בן־יהודה.

מחיר כל נומר 6 ק'. פאר' לאחד או לשנים 2 ק'; כל 5 נומרים מכ' בכריכה יפה 40 ק'. פאר' 6; כל 10 נומרים מכ' הדר 80 ק'. פאר' 10 ק'.

הוצאת „תושיה".

# פרקי תלמוד

כריסטומתיה תלמודית למתחילים (כלה מנקדה), עם תרגום המלות התלמודיות ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות), ועם הערות מבארות את המקומות הקשים

מאת א. ל. ביסקא.

הספר הזה מכיל לקוטים שונים מן התלמוד: פתגמים, משלים, אגדות, ספורים, דברי מוסר וגם עניני הלכה, מסודרים בהדרגה נכונה מן הקל אל הכבד, ומחולקים לפרקים ושעורים; ולפני כל שעור מתורגמות המלים התלמודיות שתבאנה בו ברוסית ואשכנזית.

הספר הזה ימלא באמת חסרון המורגש מאד בספרות הפדגוגית, כי מלבד אשר יהיה בכלל כעין פרוזדור של הספרות התלמודית לאלה הרוצים להתעסק בלמוד התלמוד, נועד גם בעד הרוב הגדול של התלמידים העברים, שאינם יכולים להקדיש את זמנם ללמוד התלמוד עצמו והפצים לרכוש להם, מלבד ידיעתם בכתבי הקדש ושפת עבר בכלל, גם מושג נכון ע"ד הספרות התלמודית, רוחה, סגנונה ושפתה. גם יהיה לעזר לכל הרוצים להשתלם בידיעת שפתנו בתקופות התפתחותה אחרי כתבי הקדש.

מחירו 40 ק', מכורך 50 ק', בבד 55 ק'. פארטא 6 ק'.

Книгоизд. „Тушія" Варшава.

Verlag »Tuschijah« Warschau.

בית־מסחר ספרים
ב. צ. שיינפינקעל
ווארשא זלאטע 63
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 16 50

